יעקב טשעסטער

# שטאָט און דאָרף

נאָוועלן און בילדער

פאַרלאַג אַנטלאַנטיק
געוו. „טאָמאָר"
ניו־יאָרק — 1939

# אינהאַלט:

# אויף אַ פאַרם

## ערשטער קאַפּיטל

אָפּצײלנדיק די צוויי טויזנט דאָלער אין קעש, און די צוואַנציק פּופציק־דאָלאַרדיקע נאָוטס, וואָס דער קויפער האָט אים באַצאָלט פאַר זיין קענדי־סטאָר, האָט מאַקס אַרקין, אַריינלייגנדיק דאָס געלט אין קעשענע, זיך אויסגעגלייכט אַזוי ווי ער וואָלט זיך באַפרייט פון אַ שווערער משא, וואָס האָט געדריקט זיינע שפּיציקע, טרוקענע אַקסלען. און אויסשטרעקנדיק זיין דאַרע, לאַנגע האַנט צום קויפער, ווינטשנדיק אים גליק און פּרנסה, האָט ער איילנדיק די קענדי־סטאָר פאַרלאָזן.

גייענדיק אַהיים האָט מאַקס אַרקין ווידער אַמאָל איבער־געקלערט זיין לאַגע, ס'האָט אים געעגבערט אין מוח דעם דאָק־טאָרס אַ וואָרנונג:

„יונגערמאַן, אויב דאָס לעבן איז אייך ליב, אַנטלויפט וואָס שנעלער פון שטאָט".

די ווערטער האָבן אים איצט גייענדיק אַהיים נאָכאַנאַנד גע־קלונגען אין די אויערן.

— ווער ווייס — האָט ער זיך געפרעגט — אויב די בערג וועלן מיר שוין העלפן. אפשר חזרט זיך איבער מיט מיר די זעלבע מעשה, ווי מיט מיין קאָזין. און ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין קאָזין, מאָריס ליפּמאַן. ער איז געווען אַ יונגערמאַן אין זיין עלטער, הויך און שטאַרק — אַ דעמב, יאָרן הויזן געפרעסט. ער איז קראַנק געוואָרן, געגאַנגען אין „דיספּענ־סעריס", צו דאָקטוירים, געזופּט אַלערליי מעדיצינען. דערנאָך האָט ער געקויפט אַ קענדי־סטאָר, געשטאַנען הינטערן „קאָונטער", פאַר־קויפט קענדי און געהוסט. צום סוף האָט ער געמוזט אַוועק אין די בערג.

און באַלד גיט אַ שוועב פאַר זיין גייסטיק אויג דער לאַנג־פאַר־שטאָרבענער מאָריס ליפּמאַן. עס דאַכט זיך אים, ווי ער זעט מאָריסן, זיצנדיק אין זיין הויז אויף דער פאַרם. ס׳איז שווער אים צו דערקענען. אין ווייניקער ווי אַ האַלב יאָר האָט ער זיך אַזוי געביטן — געוואָרן אַ בינטל הויט און ביינער... עס דאַכט זיך אַרקינען, אַז ער רעדט צו אים, ווי אַמאָל, פרעגנדיק אים וואָס ער מאַכט.

— וואָס איך מאַך פרעגסטו? — דוכט זיך אים, ווי ער הערט ליפּמאַנס ענטפער. — היי, ברודער, איך מאַך שוין גאָר גוט. דו זעסט, אָט באַלד ווערט שוין אַלץ צייטיק אויפן פאַרם. די היי איז שוין לאַנג אין שייער. מער ניט ווי די שפּעטיקע פרוכט האַלט זיך נאָך אויף די ביימער. זיי וועלן שוין אָבער אויך באַלד ווערן צייטיק. מ׳וועט זיי אַרונטערנעמען פון די ביימער און פּאַקן אין באַרלס און מיר? מיר וועט מען אויך אין גיכן פאַרפּאַקן...

מיט שווערע, אומעטיקע געדאַנקען, אַ מידער פון דעם לאַנגן גאַנג, איז מאַקס אַרקין אַריינגעקומען אין זיין וואוינונג. ביילע, זיין פרוי מיט זיין אַכט יאָריקער טאָכטער ראָזע זענען שוין געשלאָפן. אַ קליין עלעקטריש לעמפל, וואָס האָט געברענט אין „פּאַרלאָר״, האָט געוואָרפן אַ מידן שיין איבער דעם קליינעם, באַפּוצטן צימער און זיך געשפּילט מיט די שאָטנס, וואָס זענען אַרומגעקראָכן אי־בער די ניט־לאַנג געפאַרבטע ווענט.

שטילערהייט האָט אַרקין אויסגעטאָן זיין מאַנטל, אַוועק־געזעצט זיך אויפן ווייכן, ברייטן שטול, וואָס איז געשטאַנען ביי דעם האַלב־אָפענעם פענצטער. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיינע דאַרע, ביינערדיקע הענט און זיך פאַרטראַכט. ער האָט גע־מאַכט אַלערליי פּלענער אין זיינע געדאַנקען, אויפגעשטעלט בנינים און זיי צעוואָרפן. ער האָט גערעדט צו זיך, זיך געשטעלט פראַ־געס און זיך אַליין געענטפערט.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען ביילע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט זי געטראָפן אַרקינען אַ שלאָפנדיקן זיצן ביים

פענצטער. ווען ער האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— שוין לאַנג אַז דו ביסט דאָ? איך האָב גאָרניט געהערט דיין אַהיימקומען. —

— ניין, ניט לאַנג — האָט אַרקין אַ פאַרשלאָפענער אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן אַ זאָג־געטאָן.

— נו, וואָס, פאַרקויפט, געענדיקט? — האָט איםביילע ווידער געפרעגט.

— יאָ, פאַרקויפט, געענדיקט — האָט אַרקין מיט זיין הייזעריק אומעטיקן קול געענטפערט.

— רייד ניט מיט אַזאַ אומעט — האָט ביילע אַ זאָג געטאָן און אַרומנעמענדיק אים מיט אירע וואַרעמע, הוילע הענט, האָט זי זיך אויפן ברייטן שטול לעבן אים אַוועקגעזעצט.

אַרקין האָט איר אָנגעקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט איר שוין יאָרן און יאָרן ניט געזען. פלוצים האָט ער זיך אַ הויב געטאָן. זיין דאַרער, אויסגעטריקנטער קערפּער האָט געציטערט און אַ מאָדנער גלאַנץ האָט זיך באַוויזן אין אַרקינס פיבערישע אויגן. זיינע דאַרע, ביינערדיקע, לאַנגע הענט האָבן זיך פלוצים ווי שלאַנגען אַרומגעוויקלט אַרום ביילעס האַלב־נאַקעטן קערפּער. ביילע האָט זיך גענומען רייסן פון זיינע הענט:

— אַרקין, לאָז מיך אָפּ! וואָס איז דער מער מיט דיר, האָסט שוין פאַרגעסן וואָס דער דאָקטאָר האָט דיר אַזוי פיל מאָל פאַרזאָגט? —

— אָ, גענוג מיטן דאָקטאָר. גענוג מיר דערמאָנען, וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט — האָט אַרקין ווי ניט מיט זיין קול ביי־זלעך אַרויסגערעדט. און איינעסנדיק זיך מיט זיינע צעברענטע ליפן אין איר הוילן לייב, האָט ער מיט כעס הויך אויפן קול איר אָפּלאָזנדיק אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס אַלץ... איך ווייס, איך ווייס...

## צווייטער קאַפּיטל

אויף מאָרגן איז אַרקין אויפגעשטאַנען אַ צופרידענער, אַ רואיקער. די גאַנצע מעשה מיט זיין שווערער קרענק, מיטן הוסט, איז אים אויף אַ ווייַלע פון זינען אַרויס און אַפּעסנדיק פרישטיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, מיין ווייב, אויב דער אַגענט וועט קומען וועגן דער פאַרם, זאָלסטו אים זאָגן, ער זאָל צואוואַרטן. איך וועל זיך לאַנג ניט זאַמען. איך וויל איצט צופאָרן צו דער סאָ־סייעטי, וואָס גיט עצות וועגן פאַרמעריי. איך וויל הערן, וואָס זיי האָבן צו זאָגן. —

ווען אַרקין איז געקומען אַהיים, האָט ער שוין געטראָפן דעם אַגענט וואַרטנדיק אויף אים. אָן שום הקדמות, האָט דער אַגענט גענומען דערציילן וועגן דער מציאה וואָס ער האָט פאַר אַרקינען אין די בערג.

— וואָס איז שייך צו זאָגן אַ מציאה — האָט דער אַגענט גענומען שנעל ריידן — מ׳וויל אַוועקגעבן די פאַרם ממש אומ־זיסט. ס׳איז אַ ירושה. דער פאַרמער, הערט איר, איז געשטאָרבן אַן אַלטער בחור. אַ ווייטער קרוב האָט אים געירשנט. מ׳קען קויפן די פאַרם פאַר העלפט געלט.

— ס׳איז דאָ אויפן פאַרם — האָט דער אַגענט ברייטלעך אַ זאָג געטאָן — אַ הויז פון פערצן „רומס” און אַ קליינע הייזקע, פינף קי, צוויי גוטע פערד, הינער, קאַטשקעס, אַכט און צוואַנציק אַקער לאַנד, גוטע לאַנד — אָן שטיינער און אויך אַ קליין טייכל לויפט פאַרביי דעם „באַרן”. איר ווייסט וואָס דאָס מיינט, ווען אַ טייכל לויפט ביים באַרן? מ׳דאַרף ניט טראָגן קיין וואַסער אָנ־צוטרינקען דעם „סטאַק”. איר לאָזט אַרויס די קי און פערד פון שטאַל און זיי טרינקען וויפיל זיי ווילן און עס בלייבט גענוג וואַסער אויף מאָרגן, איבערמאָרגן, איר פאַרשטייט? טרעפט פאַר וויפיל מ׳קען דאָס אַלץ מיט אַנאַנדער קויפן?

— ווי ווייט איז די פֿאַרם פֿון אַ סטיישאַן ? — האָט אַרקין אַ פֿרעג געטאָן.

— ניט זייער ווייט — האָט דער אַגענט געענטפֿערט — גאָר־ניט ווייט, אַז מ׳וויל קען מען זאָגן, אַז ס׳איז ביים האַנט, טאַקע נאָר די האַנט אויסצושטרעקן און אָט איז די סטאַנציע, אינגאַנצן עפּעס מער ווי דריי מייל. מ׳קען אָט־די פֿאַרם מיט אַלץ מיט אַנאַנדער איצט קויפֿן פֿאַר פֿיר טויזנט מיט עטלעכע הונדערט דאָלער, נאָר מ׳דאַרף ניט שלאָפֿן — האָט דער אַגענט שטילערהייט גע־ענדיקט, פּונקט ווי ער וואָלט אים אַ סוד פֿאַרטרויט — איר פֿאַרשטייט, מ׳דאַרף גלייך צופֿאַרן.

— מאָרגן — האָט זיך ביי אַרקינען אַרויסגערעדט, — מאָרגן אין דער פֿרי. —

— גוט, — האָט דער אַגענט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — גוט, מאָרגן אין דער פֿרי. —

ווען לייבע קראַשנעץ, אַרקינס שוואָגער, איז געקומען, איז שוין דער אַגענט געווען אַוועק. אַרקין האָט אַרומגעשפּרייזט הין און צוריק אַ צעטראָגענער איבערן צימער, אָנגעבלאָזן זיין רעכטע באַק, ווי זיין טבע איז געווען. ער האָט געקלאַפּט מיט די פֿינגער איבער דער אויפֿגעבלאָזענער באַק און שטילערהייט גערעדט צו זיך אַליין.

— נו, אַרקין, וואָס הערט זיך — האָט אים זיין שוואָגער אַ פֿרעג געטאָן — געווען ביי דער סאָסייעטי, זיך דורכגערעדט מיט זיי ? —

— געווען — האָט אַרקין אָפּגעהאַקט געענטפֿערט.

— וואָס האָבן זיי דיר געזאָגט ?

— אַי, פֿרעג שוין גאָרניט, דו הערסט, לייבע, עס איז צום לאַכן. ווען איך האָב זיי געפֿרעגט וועגן באָרדינג־ביזנעס, האָט אַ יונגערמאַנטשיק, איינער פֿון די אָפּיס־אָנגעשטעלטע, אַ זאָג־געטאָן : וועגן האָטעלן מיט באָרדערס האָבן מיר ניט קיין סך וואָס צו זאָגן. איין זאַך איז זיכער, אַז מ׳האָט אַ גוטע הויז מיט „אימ־

פּרואווּמענטס״ און אַ סך פריינט און משפּחה, וואָס וועלן קומען צו אים אַלס געסט, דערצו עטלעכע הונדערטער אין קעשענע צו די געשעפטן, איז מען אַלרייט. —

— אַ דאַנק זיי פאַר אַזאַ עצה — האָט לייבע קראַשניק, מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן — שוין איינמאָל אַן עצה, צו האָבן אַ הויז מיט אַלע „אימפּרואווּמענטס״ און נאָך עטלעכע הונדערט דאָלער אין קעשענע, מ׳דאַרף טאַקע זיין חכמים צו געבן אַזאַ מין עצה. אפשר וואָלסטו גאָר געעפנט אַ באַנק איידער דו פאָרסט אויפן פאַרם? —

— נו, וואָס איז אָבער וועגן פאַרמעריי? האָסט גערעדט מיט זיי וועגן דעם? דו האָסט זיי געזאָגט, אַז דו האָסט אַ ידיעה אין פאַרמעריי? —

— יאָ, איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך ווייס וועגן ערד־אַרבעט. האָט מיר איינער אַן עלטערער מענטש, וואָס איז געזעסן ביי אַ דעסק אַ פרעג געטאָן, וואָס אַ שטייגער ווייס איך וועגן פאַרמעריי. האָב איך זיי דערציילט, אַז מיינע עלטערן האָבן געהאַט, גערטנער אין דער אַלטער היים. גרויסע גערטנער, ביים גלח געהאַלטן פעלדער, מ׳פלעגט דאָרט פאַרזעצן קרויט, מערן, אוגערקעס, קאַרטאָפל. מיינע עלטערן האָבן אויך געהאַלטן קי, פערד, געגנדז און הינער.

ער האָט זיך אָפּגערוט און ווידער דערציילט:

— נו, שמייכלען זיי פון מיינע רייד. גאָט האָט זיי צוגעשיקט פון וועמען צו מאַכן שפּאַס. געקומען אַ ייד אַ קראַנקער און זאָגט, אַז ער ווייס אַ ביסל וועגן פאַרמעריי, שטעלן זיי אַן זייערע ביי־געריקע בליקן אויף מיר, באַטראַכטן מיר פון קאָפּ ביז די פיס און איינער פון זיי גיט אַ זאָג: — די צרה מיט אונדזערע יידן איז, וואָס זיי מיינען, אַז זיי ווייסן וועגן פאַרמעריי, ווייל זייערע על־טערן האָבן אין דער אַלטער היים געהאַט אַ גאָרטן. אַלץ וואָס זיי ווייסן וועגן פאַרמעריי איז, אַז הינער לייגן אייער און אַז קי גיבן מילך.

— אָבער איר פאַרשטייט, יונגערמאַן, מ'דאַרף וויסן ווי אַזוי צו מאַכן, אַז הינער זאָלן לייגן גענוג אייער, אַז קי זאָלן געבן גענוג מילך. מ'דאַרף בכלל וויסן ווי אַזוי פון דעם אַלעמען זאָל בלייבן פאַרדינסט פאַר דער שווערער אַרבעט. ס'איז דאָ נאָך עפּעס וואָס מ'דאַרף האָבן צו זיין אַ פאַרמער — כוח. איר פאַרשטייט? אָט דאָס הייסט ביי אונדז וויסן און קענען פאַרמעריי.

לייבע קראַשנעץ האָט געשוויגן די גאַנצע צייט, וואָס אַרקין האָט גערעדט. ער איז געזעסן, געוויגט דעם קאָפּ אַהין און צוריק, געמישט מיט דער לעפעלע די גלאָז שטאַרקע טיי, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים. צום סוף האָט ער ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— די בעלי־מעשים־טובהניקעס...

שפּעטער האָט אַרקין דערציילט זיין שוואָגער וועגן פאַרם, וואָס ראַסקין, דער אַגענט, האָט אים פאָרגעשלאָגן.

— מאָרגן, פאַר איך אָנקוקן און אפשר טאַקע קויפן די פאַרם. אויב דו ווילסט, לייבע, פאָר מיט מיר מיט.

— איך וואָלט גריילעך געפאָרן מיט דיר — האָט לייבע קראַשנעץ נאָך אַ ווײַלע שוויגן אַ זאָג געטאָן — איך וואָלט גריילעך געוואָלט טאַקע זיך דורכפאָרן אָנקוקן אַ ביסל גאָטס וועלט. איך קען אָבער ניט. איך אַרבעט אויף אַ נייעם פּלאַץ, ערשט נעכטן אַרויפגעגאַנגען אַרבעטן, קוים זיך אײַנגעבעטן, מ'זאָל מיר אַרויפּנעמען. צו דער אַרבעט. האַ, וואָס זאָגסטו אַרקין, אויף משה בולקעס זון, אויף דודקע גנבֿ. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער אין אַמעריקע. מאָטיע עליעס זון, לייבע קראַשנעץ, האָט זיך קוים אײַנגעבעטן ביי משה בולקעס בנאַק, אַז ער זאָל אים נעמען צו אים אין שאַפּ אַרבעטן. האַ, גוט אַרויפגעאַרבעט זיך, וואָס זאָגסטו?

*\
**

ווי אַ צעשראָקענע חיה, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר געפענגעניש, האָט זיך דער אָטאָמאָביל מיט דעם אַגענט ראַס־

קין און אַרקין זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטאָט און זיך גענומען יאָגן אויף די געפלאַסטערטע וועגן פון דאָרף. באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, געדרייט זיך ווי אַ שלאַנג, זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן און פלוצלונג קריכנדיק אויף אַ הויכן באַרג פאַרשריען, פאַרגוואַלדעוועט, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה וואָס אַנטלויפט פון יעגערס ביקס.

אַרקין איז געזעסן אין מאַשין פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט, אַלערליי געדאַנקען האָבן זיך געדרייט, געשלענגלט, אַרומגעוואָרפן אין זיין מח. בילדער לאַנג פאַרגעסענע, פון זיין פריסטער יוגנט אָן, האָבן פלוצים גענומען אויפלעבן אין זיינע געדאַנקען, זיך גע־פלאָנטערט, געקייקלט זיך ווי אַ קנויל אין זיין מח, אויפגערעגט זיין האַרץ און געמאַכט עס קלאַפּן אַזוי שנעל, פונקט ווי עס וואָלט נאָכגעיאָגט דעם אויטאָמאָביל.

עטלעכע מאָל האָט ראַסקין דער אַגענט געפּרוואווט מיט אים אָנפאַנגען אַ שמועס. ער האָט אים גענומען דערציילן מעשיות פון זיין לאַנגער קאַריערע אַלס אַן אַגענט, ווי ער האָט אַ סך מענטשן גליקלעך געמאַכט. אייניקע פון זיינע קליענטן, וואָס האָבן מיט עטלעכע הונדערט דאָלער געקויפט פאַרמס, זענען איצט גאַנץ רייכע מענטשן.

— איר ווייסט, מיסטער אַרקין, איך וועל אייך דערציילן אַ סוד, טאַקע פון מיין פּראָפעסיע. מ׳דאַרף קענען און וויסן ווי צו זיין אַן אַגענט. אייך דאַכט זיך אַוודאי, אַז עס איז ניט קיין גרויסע תורה. טאַקע, וואָס איז די קונץ? איינער וויל עפּעס פאַרקויפן און דער צווייטער וויל קויפן, דאָ קומט אַריין דער אַגענט, ער שפּילט די ראָלע פון אַ שדכן. ער ברענגט צוזאַמעןביידע צדדים, מ׳לייגט איין דעם נדן, מ׳ברעכט טעלער און דער ענין איז געשלאָסן.

אָבער דאָס איז ניט אַזוי — איר פאַרשטייט מיסטער אַרקין? אַ פאַרם קויפט מען פון אַגוי, און מיט אַ גוי האַנדלען דאַרף מען שוין וויסן ווי אַזוי, איר פאַרשטייט, אַ גוי איז אַ גוי... מיט עט־לעכע הונדערט דאָלער האָבן מענטשן ביי מיר געקויפט פאַרמס,

אַט טאַקע אין דעם געגנט. איצט זענען זיי רייך געוואָרן, גבירים! זיי האָבן אויסגעבויט שיינע הייזער — האָטעלן, צענדליקער און צענדליקער צימערן — ממש פּאַלאַצן. די אַמאָליקע שלימזלדיקע אַפּערייטאָרס, די הוסטערס, די דערשלאָגענע שוואַכע מענטשעלעך זענען איצט רייכע האָטעל־קיפּערס. זיי ריידן מיט אַזאַ מין ברייט־קייט, מיט אַזאַ פּאַרנעם; גייען אַרום אין זייערע האָטעלן אָנגעבלאָזענע מיט גרויסע, גראָבע בייכער, מיט דימענטן אויף די פינגער — גאַנצע „פּאָמעשטשיקעס".

און עס טראָגט זיך, און עס טראָגט זיך די מאַשין באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. אָט לאָזט זי זיך אַראָפּ פון אַ משונהדיקן באַרג ערגעץ אין אַ טיפן טאָל און עס דאַכט זיך, אַז פון דאַנענט איז שוין ניטאָ קיין אויסוועג. פון איין זייט אַ געדיכטער וואַלד פול מיטביימער, די צווייגן איינגעפלאָכטן איינער אין דעם צווייטן, איינגעדרייט, איינגעטשעפּעט אָן סוף און אָן עק; אויף דער צווייטער זייט אַ גרויסער באַסיין אויסגעצויגן, אָנגעפילט מיט וואַסער. קליינע וועלן ווי שטיפערישע קינדער, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס אַרויסגעכאַפּט פון דער דאָרפישער שול, שפּרינגען און קייקלען זיך. עס דאַכט זיך, אַז דאָס וואַסער איז ווי אַ ריזיקער גוף אָן קליידער, האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין פולער לענג, זיך געלייגט שלאָפן און שימערט אַנטקעגן דער זון, שמייכלט אין שלאָף פון הנאה.

אַרקין גלעט מיט זיינע דאַרע פינגער די אויגן, עס גלויבט זיך אים ניט אַז עס איז אַ ווירקלעכקייט. עפּעס דאַכט זיך אים, אַז עס איז אַ חלום, אַ כישוף. און אָט איז אויס וואַלד, אויס שימערירנדיקער באַסיין, אויס ריזיקער גוף, וואָס האָט זיך צעלייגט שלאָפן. די מאַשין איינגעשפּאַרט, מיט עקשנות, שרייט, געוואַלדעוועט, קריכט אויף אַלע פיר, זאָגט אָן אויף קול קולות, מ׳זאָל הערן פון ווייטנס, אַז זי קומט.

דער אַגענט הויבט ווידער אָן צו ריידן. אַרקין הערט אָבער ניט, וואָס ער רעדט צו אים. זיין געדאַנק, זיין גאַנצער איך איז

פאַרנומען מיט די וואונדערלעכע פּאַנאָראַמעס, וואָס שוועבן פאַר־ביי זיינע אויגן. בערג אויף בערג ליגן געפורעמט איינער אויפן צווייטן, ריזיקע סקאַלעס ליגן צעוואָרפן אויף דעם לאַנגן, באַרגיקן, וועג. און דאָרטן העט ווייט, גאַנץ ווייט וואו דאָס אויג שלאָגט זיך אָפּ, ווערט פאַרהאַלטן, וואו דער הימל ווערט אויסגעבויגן און שפּארט זיך אָן אויף די ווייטע, הויכע בערג. און עס הויבן זיך אָן מאָלן אין זיין פאַנטאַזיע משונהדיקע געשטאַלטן. עס דאַכט זיך אים, אַז יענע געטורעמטע בערג, וואָס זענען אַזוי ווילד אָנגעוואָרפן איינער אויפן צווייטן, זענען טרעפּ, אַן אַרויפגאַנג צום הימל.

ס׳קומען אים איצט אַרויף אויפן זינען די אַלטע מעשיות פון די „הנופלים״, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר ביי זיין קלוגן רבין, ר׳ נח־אברהם. אָט דאָ אפשר, טראַכט ער, האָט גאָט אַמאָל, ווען די וועלט איז נאָך געווען יונג, זיך צעקריגט מיט אייניקע פון די מלאכים און זיי אַרונטערגעוואָרפן פון הימל. אַ שרעקלעכער געשלעג האָט דאָ געמוזט פאָרקומען. אַלץ, פאַר מיילן און מיילן אַרום, איז דאָ געבליבן אַזוי וויסט. באַרג איז געבליבן הענ־געו אויף אַ באַרג, סקאַלעס אויף סקאַלעס, אַלץ איז וויסט, פול מיט אויסראָטונג, פול מיט שנאה, פול מיט שוידער — אַ מלחמה פון געטער.

און אפשר, גיט ער אַ טראַכט, איז דאָ גאָרניט דער אָרט פון די „הנופלים״. ניין, דאָ קאָן זיין איז דער אָרט וואו מענטשן האָבן אַמאָל געבויט אַ טורעם. דאָ אויף דעם אָרט האָבן די מענטשן פון די גרויע אַלטע צייטן געוואָלט דערגרייכן דעם הימל, ווערן אַליין געטער. דאָ אויף דעם אָרט האָט גאָט אַרונטערגענידערט פון הימל. אַ מחנה מלאכים האָבן איילנדיק אויסגעלייגט די ריזיקע סקאַלעס, אַלס פוס־בענקלעך פאַר אים. און אַרקינען דוכט זיך, אַז ער זעט ווי העט ווייט דאָרטן ערגעץ וואו דאָס אויג גרייכט קוים, וואו דער הימל ליגט אָנגעשפּאַרט אויף די ריזיקע בערג, האָט זיך אַ זילבערנע ווייסקייט ווי פאַרהאַנגען אין הימל געעפנט און

אַ פייערדיקער זייל האָט זיך דאָרטן פּלוצים באַוויזן. אַ מורא איז אים פּלוצים באַפאַלן, אַ שרעק.

אַרקין ווערט מיד פון אַזעלכע געדאַנקען. ס׳הויבט זיך אים אָן מישן אין מח. זיינע אויגן מאַכן זיך צו און ער דרעמלט איין. מאָדנע חלומות, געשטאַלטן לאַנג פאַרגעסענע, קומען און לעבן אויף פאַר זיינע אויגן. אָט זעט ער דעם אָרט וואו ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט, אַ דאָרף ערגעץ אין דער ליטע. ער זעט די שיינע, גרויסע געביידע, וואו דער פּריץ האָט געוואוינט, אַרומגערינגלט מיט פּרוכט־בוימער, בלומען און קוסטעס. ער זעט דעם גרויסן שייער, וואָס שטייט פאַררוקט צווישן די אַלטע קליאָן־ביימער, די שווערע, מאַסיווע טויערן ברייט אָפן און גרויסע לאַנגע וועגענער אָנגעפּאַקט מיט זאַנגען ווערן געשלעפּט פון צוויי פאַרשוויצטע פערד. ער זעט אויך ווי עפּעס אַן אויפגעדרייטע געשטאַלט מיט אַ בייטשל אין האַנט ווערט פאַרשלונגען אין דעם שייערס גרויסן אָפענעם בויך.

בילדער נאָך בילדער. אָט זעט ער די אַלטע מיט מאָך באַוואַקסענע הויז, וואו די באַטראַקעס האַלטן זיך אויף. שמוציק און בלאָטיק איז אַרום דער חורבה. די צוויי קליינע פענצטערלעך מיט די פיר בלאָטיקע שייבעלעך זענען מיט געפלאָכטענע שטרוי פאַרהאַנגען, אַזוי ווי מ׳וואָלט זיך געשעמט, אַז די דרויסנדיקע וועלט זאָל דורך זיי אַריינקוקן. אָט זעט ער דעם גרויסן שפּייכלער, געבויט פּירקאַנטיק, די לענג אַזוי ווי די ברייט. עס דאַכט זיך אים, אַז אַריזיקער, גרויסער קערפּער, אַ בעל־הגוף איז מיד געווארן גייענדיק און ער האָט זיך דאָ אויסגעשפּרייט, זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען.

אָט זעט ער ווי עס שטייט אין טאָל ביים טייכל די אַלטע מיל, די אויסגעבויגענע ווענט אונטערגעשפּאַרט מיט שווערע שטיקער האָלץ. עס דאַכט זיך אים, אַז ער זעט ווי אַן אַלטער אָרעמער בעטלער, מיט אַ לייוונטענער טאָרבע אָנגעהאַנגען אויף זיינע אַקסלען מיט אַ שווערן שטעקן אין האַנט שטייט לעבן מיל. דער

בעטלער קוקט אויפן טייכל, שאָקלט זיין גרויע, לאַנגע באָרד און רעדט הויך אויפן קול צו זיך אַליין: — איך און דו טייכל האָבן ניט קיין אָרט, קיין אמתע היים. מירביידע זענען דאָ פרעמדע, דורכגייער, נע־ונד אין דער גרויסער פרעמדער וועלט.

עס וועבט זיך ביי אַרקינען דער חלום און וועבט זיך. עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז געוואָרן דער פריץ פון לעשנאָווקע, דער פאַן לעוויצקי. אָט קומט צו אים אַריין זיין טאַטע. דער טאַטע ווייסט ניט, אַז ער, זיין זון, איז דער פריץ. דער טאַטע שטייט ביים טיר, די היטל אין האַנט, שטייט אויפגעדרייט, האָט מורא זיך אַ ריר צו טאָן.

— נו, מאָשקע — זאָגט ער צום טאַטן — געבראַכט דאָס געלט, די אַרענדע פאַר דעם מיל? דו ווייסט, אַז דו קומסט מיר נאָך פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָר.

משה־מרדכי קאָרטשעט זיך נאָך מער צוזאַמען, שווייגט אַ ווײַלע, דערנאָך פאַנגט ער אָן ריידן מיט געבעט:

— איך ווייס, אַז איך האַנדל ניט ריכטיק קעגן דיר. עס איז שלעכט, פריץ, די גויים פון דעם גאַנצן געגנט האָבן ניט וואָס צו מאָלן. שוין דאָס צווייטע יאָר, מיין האַר, ווי איך און זיי הונגערן. מיר זענען, ווייזט אויס, זינדיק, נו, שטראָפט אונדז גאָט.

אַרקין צעלאַכט זיך פּלוצים אין שלאָף אויפן קול.

— טאַטע — שרייט ער אויס — דאָס בין איך, דיין זון דוד יונה! איך בין דאָס דיין פריץ!

ראַסקין, דער אַגענט, האָט אים אָנגעקוקט און צעשראָקן אַ פרעג געטאָן: — וואָס איז דער מער? וואָס האָט איר אַזוי געשריען פון שלאָף, מיסטער אַרקין?

— גאָר ניט, עפּעס אַ חלום האָט זיך מיר געפּלאָנטערט.

— וואָס, אַ גוטער חלום, כדאַי געווען צו שרייען?

— איך ווייס אַליין ניט — האָט אַרקין געענטפערט — עס האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין פּלוצים געוואָרן אַ פריץ — אַ שררה, איך זיץ אין אַ מאַיאָנטעק און פראַווע פריצישע שטיק.

— נו, — האָט ראַסקין, דער אַגענט, נאָך אַ ווײַלע שווײַגן אַ זאָג געטאָן, — וואָס גלויבט זיך דאָס אײַך ניט? עס איז גאַנץ מעגלעך און איך האָף טאַקע, אַז גאָר אין גיכן וועט איר זײַן אַ פּריץ.

— איצט, אַז מיר האָבן שוין גענומען ריידן וועגן פּריצע־שאַפט, טאָ לאָמיר טאַקע אַרויסגיין פון מאַשין, אַ ביסל אָפּרוען זיך, אויסגלייכן די ביינער.

— איר זעט, מיסטער אַרקין, אָט דעם פּלאַץ, דעם רעסטאָראַן. דאָס האָבן צוויי ניו יאָרקער יונגעלײַט „אויפגעפּיקסט" מיט אַ פינף יאָר צוריק. זיי ווערן איצט אָפּגעשאָטן מיט גאָלד.

— איך ווייס ניט וואָס דאָס איז, די גאַנצע מזל־ברכה איז די לעצטע יאָרן אַוועק אין דאָרף. יעדער איינער, וואָס וואוינט לעצטנס אין קאַנטרי אויף אַ פאַרם, איז רײַך געוואָרן — מיל־יאָנשטשיקעס!

— דאָ טאַקע אין דעם רעסטאָראַן קריגט מען אַ גוטע קאָפּע קאַווע. ווען איר טרינקט דאָ אַ קאַווע, ווייסט איר, אַז איר האָט טאַקע געטרונקען קאַווע. אויב איר ווילט עפּעס אַ ביס טאָן, אַ „סטייק", צי עפּעס אַנדערש, קען מען דאָ אויך קריגן. נאָר איין זאַך וועל איך זאָגן: פאַר כשרות קען איך ניט גאַראַנטירן.

— איר ווייסט, מיסטער אַרקין, דאַכט זיך אַז קאָכן איז ניט קיין תורה, נאָר מ׳דאַרף עס קענען. איבערהויפּט דאַרף מען קענען צוגרייטן די צוויי זאַכן: קאַווע און „סטייק". אַזאַ באַטעמטע קאַ־ווע ווי מ׳קריגט דאָ, קאָן מען ערגעץ ניט קריגן, אַפילו אין די באַרימטע פּלעצער אויף בראָדוויי. טרינקט איר דאָ איינמאָל אַ קאַווע, וועט איר דעם טעם געדענקען אייער גאַנצן לעבן. מיט אַ „סטייק" איז דאָ אויך דאָס זעלבע. עפּעס האָט זייער „סטייק", וואָס איר עסט דאָ, אַלערליי טעמים, עס צעגייט אין מויל, עס קלעפּן זיך נאָכן עסן די ליפּן. עפּעס אַ מאָדנע גבורה, אַ כישוף לייגן זיי אַרײַן אין זייער קאַווע און אין זייער „סטייק". איר ווייסט טאַקע, אַז איר האָט געגעסן.

— איינמאָל בין איך דאָ פאַרבייגעפאָרן מיט מיין ווייבל. רוף איך זיך אָן צו איר: דו ווייסט, גאָלדע, לאָמיר זיך אַריינ־כאַפּן עסן אַ „סטייק" און פאַרטרינקען מיט זייער געשמאַקע קאַווע. ווערסט דאַן וויסן, וואָס פאַר אַ טעם „סטייק" און קאַווע דאַרף האָבן. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט זיך אָנכאַפּן אין דעם. ערשט, זי איז גאָר ברוגז געוואָרן און אָנקוקנדיק מיר בייזלעך, האָט זי זיך אָנגערופן:

— איך ווייס ניט, וואָס איז דער מער מיט דיר. דאַכט זיך פון מיין עסן ביסטו חס־ושלום ניט קראַנק געוואָרן און אויסגע־צערט אַוודאי ניט. זע, קיין עין הרע, ווי דיין בייכל האָט זיך לעצטנס צעוואַקסן. עס שפּאַרט דאָך שוין באַלד אונטער דיין נאָז.

איצט, מיסטער אַרקין, וועלן מיר אַריינגיין אינעווייניק אונטערלענען דאָס האַרץ. די מאַשין וועלן מיר לאָזן זיך אָפּקילן, זי אָנפילן מיט געזאָלין און מיט אויל. — ווי שטייט דאָרטן — און די קעמלען דאַרף מען אויך אָנטרינקען.

## פערטער קאַפּיטל

העכער און העכער ווערן די בערג, ווילדער און ווילדער ווערט, וואָס ווייטער מ׳פאָרט, די נאַטור. סנאָפּעס מיט זונען־שטראַלן ליגן ווי פאַרמאַטערטע אויף די שפּיציקע סקאַלעס, קיין ווינטל, קיין באַוועגונג, אַלץ רוט. מער ניט, ווען ניט ווען שרייט אויס אַ פויגל. האָט זיך קענטיק דערשראָקן, געמוזט האָבן אַ בייזן חלום אין דעם בייטאָגיקן דרימל.

דער אויטאָמאָביל טראָגט זיך און טראָגט זיך, קריכט פון איין באַרג אויפן צווייטן אָן אויפהער און אָן סוף. אָט דאַכט זיך וועט זי פאַרשלונגען ווערן, צעדריקט ווערן צווישן די צוויי ריזי־קע בערג. אָט גיט זי זיך פּלוצים אַ טרייסל, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט פון זיך אַרונטערוואַרפן אַ משא און אָט גיט זי אַ שפּרונג ווי אַ צעשראָקענע חיה, כאַפּט זיך צוריק אַרויף אויף אַ באַרג, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אַרויסגעריסן פון אַ תפיסה.

אַרקינס אויגן בלאָנדזשען אַרום צעשראָקן. עפּעס דאַכט זיך אים, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ וועלט פון כישוף, אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיע. עס פאַנגען זיך אָן פאַר־מירן פאַר זיינע אויגן מאָדנע, משונהדיקע, ריזיקע געשטאַלטן, עס דאַכט זיך אים, אַז אַזוי האָט געמוזט אויסקוקן די וועלט, איידער גאָט האָט זי באַשאַפן.

ווילדע, הוילע בערג אָן גראָזן, אָן בלומען, אָן בוימער האָבן אונטערגעשפּאַרט די הימלען. די מעכטיקע סקאַלעס, מוראדיקע פיגורן, געשטאַלטן פון ריזן, אַמאָליקע געטער, וואָס זענען אין די הימלישע געשלעגן אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן פון דעם הויפּט־גאָט אויף דער ערד.

„מענה אלהי קדומים" וואָס זענען פאַרגליווערט, פאַרשטיי־נערט געוואָרן. ווילדע, מעכטיקע שטראָמען האָבן זיך געטראָגן, איינער אַנטקעגן צווייטן, מיט געפילדער, מיט שטורעם. און אַ מעכ־טיקע האַנט איז געקומען און האָט אַלץ אויסגעגליכן, באַרואיקט, אויף די ווילדע שטראָמען האָט ער, דער זיגרייכער גאָט אָנגעשריען און רואיק האָבן זיי גענומען פליסן. אויס געפילדער, אויס ליאַרעם, ווי יונגע שעפסעלעך האָבן זיך די ווען גענומען האָטשקען און שפרינגען און טאַנצנדיק אַוועק צום גרויסן טאָל, וואָס מיר רופן ים און די הימלען האָט די מעכטיקע האַנט אויפגעהויבן העכער און העכער. און אָט, דעם אָרט, דעם שטיק לאַנד מיט זיינע מוראדיקע פאַרשפּיצטע בערג און סקאַלעס, האָט ער געלאָזן פאַר אַן אָנדענקונג, מענטשן זאָלן זען און זיך וואונדערן, זיך פאַר־טראַכטן, ווי גרויס איז די וואונדער פון שעפער ווי וואונדערלעך עס זענען די מעשים פון בורא.

ווען דער אַגענט, האָט אים אַ פרעג געטאָן, צי ער שלאָפט צי חלומט ער ניט ווידער, האָט אַרקין ניט געענטפערט. ער האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פילן. צו איז ער דאָ, צו ערגעץ ווייט, ווייט אין אַ ווייטער פרעמדער וועלט.

און אָט דערזעט ער אַ נייעם כישוף אַ נייעם צויבער. די גאַנצע לאַנדשאַפט האָט זיך פלוצלונג געביטן. אַ גלייכע שטיק לאַנד האָט זיך גענומען אויסלייגן, אויסציען פאַר זיינע אויגן. פעלדער פאַרזייטע מיט תבואות אָן אַ סוף און אָן אַן עק האָבן זיך גענומען אויסציען, אויסשפרייטן אויסבעטן פאַר זיין בליק. טאָלן באַוואַקסענע מיט אַלערליי גרינסן, אַרומגעזוימט מיט יונגע ניט לאַנג פאַרפלאַנצטע פרוכט־בוימלעך — קליינע עפל ערשט ניט לאַנג פון זייערע קנאָספּן ארויסגעקראָכן, לענגלעכע מיט האָר באַוואַקסענע „פיטשעס" האָבן פון צווישן די בלעטער מיט ניט קיין זיכערקייט געקוקט, געשמייכלט, געשעמערירט אַנטקעגן דער זון. אַ קליין טייכל, וואָס איז געלאָפן ביים וועג, האָט שטיל איילנדיק גע־

טראָגן אירע קליינע וועלן ערגעץ ווייט, ווייט, מורמלענדיק נאָכאַנאַנד צו זיי אַ שטילן בנעימותדיקן סוד. די ווייס־געפּאַרבטע הייזער פון די פּאַרמערס מיט די גרין געפּאַרבטע לאָדנס באַהאַלטן, פאַרשטעקט צווישן בלומען און די בערדיקע קוקורוזע און צווישן אַלטע מייפּל־ביימער, האָבן זיך אַלע פון ווייטן ווי איבערגעוואונקען מיט אים. די רויט געפּאַרבטע אַלטע „באַרנס" מיט די זייטיקע צוגעבויטע פּליגלען האָבן אויסגעקוקט פון ווייטן אין אַרקינס אויגן, ווי די אַלטע געפּאַרבטע ווינט־מילן אַרום זיין אַמאָליקן שטעטל.

אין זיינע געדאַנקען איז ער ווי דורך אַ צויבער פּלוצים צוריקגעקומען אין זיין אַלטער, אַמאָליקער, היימישער שטעטל. ער פאַרמאַכט שטאַרק די אויגן, אַזוי ווי מיט שטאַרק פאַרמאַכטע אויגן וואָלט ער בעסער געקענט זען זיין אַמאָליקע ליטווישע שטעטעלע. און עס פאַנגט אים אָן צו דאַכטן, אַז ער, איז צוריק אַ יונגער יינגל, זיי וואוינען נאָך אין דאָרף, אין לעשאַנקע. זיין טאַטע, משה־מרדכי האַלט נאָך דאָרטן די מיל. עס איז זומער־לעב. אין דרויסן איז שיין, וואַרים אַ מחיה. אַרום דעם מיל איז איצט שטיל. מער ניט וועןניט־ווען שפּאַרן זיך דורך דורך די שפּאַלטן פון דער הילצערנער דאַמבע דינע וואַסער־שטראָמען, ווי קליינע שטיפעריש קינדער דרייען זיך און קייקלען זיך אויפן ראָד פון מיל, גלאַנצן מיט אַ זילבער קאָליר אַנטקעגן דער זון און ווערן פּלוצים פאַרשוואונדן. דער טאַטע זיצט ביים פענצטער און גלעט זיין לאַנגע באָרד, נעמט זי אַריין אין מויל, קייט און קייט די באָרד און נעמט זי אַרויס אַ נאַסע צוריק. ער קוקט מיט אַ מאָדנעם בליק אויף דער מאַמען, אויף איר אויסגעדאַרטן קערפער, אויף איר בלייכן פנים און גיט אַ זאָג צו איר:

— דו ווייסט, ריטלע, דער טייך איז געראָטן אין אונדז. ער האָט אונדזער מזל. זומער ווערט ער איינגעשרומפּן און איינגעדאַרט — ער האָט ניט גענוג וואַסער און מיר האָבן ניט קיין פרנסה.

עס דאַכט זיך אים: ער איז אַ קליין ייִנגל, זיצט ביים ברעג פון טייכל, זיינע קליינע באָרוועסע פיס האַלט ער אין וואַסער, שפּילט זיך, הויבט אויף אַ פוס און לאָזט זי מיטאַמאָל אַראָפּ צו־ריק, דאָס וואַסער גיט זיך אַ הויב, אַ בלעזל, פאַרשפּריצט אים דאָס פּנים, דאָס היטל און עס טוט אים הנאה די גאַנצע שפּיל. עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס טייכל שפּילט זיך מיט אים, מאַכט מיט אים שפּאַס.

אָט איז צום טייכל צוגעקומען זייער מילנערס זון. ער דער־מאָנט זיך זיין נאָמען, יאַשקע, דאַכט זיך, האָט ער געהייסן, אין זיינע יאָרן געווען. ער איז אַלט געווען אַרום אַכט יאָר, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער לייווענטענער העמד אָן אַ היטל און אָן הויזן. אים דאַכט זיך, ער זעט אים ווי איצט אָוועקזעצנדיק זיך לעבן אים ביים טייכל. ער, יאַשקע, שמייכלט צו אים און פאַנגט אָן עפּעס צו ריידן, צו דערציילן, נאָר ער, דוד־יונה, פאַרשטייט ניט גוט וואָס ער רעדט צו אים אין גויאיש. עפּעס כאַפּט ער יאָ ארויס פון זיינע גויאישע רייד, אַז יאַשקעס טאַטע קלייבט זיך איינגיכן נאָכאַמאָל חתונה האָבן. ער, דוד־יונה, קען ניט פאַרשטיין, וואָס הייסט ביי גויים חתונה האָבן. דאַכט זיך, אַז גויים האָבן ניט חתונה, זיי לעבן אַזוי זיך מיט גויאישע ווייבער און האָבן קינדער. ס׳הייסט זייערע קינדער זענען ניט קינדער, זייערע קינדער זענען ממזרים.

ער, דוד־יונה, באַטראַכט אַ ווײַלע יאַשקען, קוקט אין זיינע בלויע אויגן, צי עס זעען זיך מענטשעלעך אין זיי. דאָס ווייס ער אויף זיכער, זיין רבי האָט דאָס אים געזאָגט, אַז ביי חיות און בהמות זענען ניטאָ קיין מענטשעלעך אין זייערע אויגן און דאָס איז אַ סימן, אַז זיי האָבן ניט קיין נשמות. ער באַטראַכט יאַשקעס לאַנגע פלאַקסענע האָר, זיין קאָפּ, זיין קערפּער, וואָס איז הויל אָן פאות, אָן אַ היטל און אָן אַרבע־כנפות. און מאָדנע געדאַנקען הויבן זיך אָן צו פּלאָנטערן אין זיין מח: צוליב וואָס האָט גאָט אין גאַנצן געדאַרפט באַשאַפן גויים אויף דער וועלט? וואָלט ניט געווען פיל בעסער ווען אַלע מענטשן אויף דער וועלט

וואָלטן געווען יידן. עס וואָלט דאָך דאַכט זיך פּאַר אַלעמען געווען בעסער, אַפילו פאַר גאָט אַליין אויך. זייער גרויסער קלויסטער, וואָס שטייט אין מיטן דאָרף, וואָלט געווען אַ גרויסע, שיינע שול, אַ בית־מדרש. אַלע לעשנאָוויצער גויים וואָלטן געווען יידן. אַפילו דער הויכער, בייזער פּעטראָוו מיט דעם גראָבן סוקעוואַטן שטעקן, וואָס ער האַלט שטענדיק אין האַנט מיט דעם בלעכל, וואָס ער טראָגט צוגעשפּילעט צו זיין פּעלץ, וואָס וואַרפט אויף אַלעמען אַ מורא און רעדט אַזוי בייז צו זיין טאַטן, ער וואָלט, מן הסתם, אויך געווען אַ ייד און וואָלט ניט געווען אַזוי שלעכט.

אַ מאָדנער געפיל הויבט זיך אָן וועקן ביי אים. ער הויבט אָן רחמנות האָבן אויף יאַשקען. אַ מענטש, טראַכט ער, איז גע־בוירן געוואָרן אָן אַ נשמה. זיי, די גויים, האָבן ניט געוואָלט אָנ־נעמען די תורה, איז מער ווי די וועלט האָבן זיי ניט. שטאַרבן זיי, ווערט פון זיי גאָרניט מיט גאָרניט — אַש, שטויב. משיח וועט זייערע טויטע ניט אויפוועקן. קיין תחית־המתים וועלן זיי ניט אויפ־שטיין.

ער דערמאָנט זיך וועגן אַ געוויסער שטעל, וואָס דער רבי האָט מיט אים אַמאָל געלערנט אין חומש. ווען אברהם אָבינו האָט גע־פירט זיין זון יצחקן צו דער עקדה, האָט ער אַזוי געזאָגט צו זיינע דינער:

איר. מיינע דינער — האָט ער געזאָגט — בלייבט דאָ זיצן מיט דעם אייזל, וואַרט ביז איך וועל קומען צוריק.

דער רבי האָט אים דאַן דערקלערט, אַז אברהם אָבינו האָט ניט געמיינט צו זאָגן, אַז זיינע דינער זאָלן זיצן לעבן אייזל, נאָר ער האָט געמיינט אַז ווייל זיינע דינער זענען ניט קיין יידן און זיי גלויבן אין פאַלשע געטער פון האָלץ און פון שטיין, ווייל זיי גלויבן ניט אין דעם איינציקן אמתן גאָט, וואָס וואוינט אין הימל, דערי־בער זענען זיי געגליכן צו אַן אייזל.

דער אַגענט האָט אים אַ וועק געטאָן:

— וואָס, איר דרעמלט ווידער? ניט געשלאָפן, ווייזט אויס, די לעצטע נאַכט! —

— ניין, איך בין גראָד געשלאָפן, נאָר, ווייזט אויס, די שאַרפקייט פון דער באַרגיקער לופט פאַרוויגט מיר דאָ.

— איר זעט, מיסטער אַרקין, אָט דאָרטן אויף דעם בערגל די געביידע. דאָס איז די סטאַנציע — דער באַנהויף. פון דאָנען צום פאַרם, וואָס מיר פאָרן זען, איז אַ שפרונג, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. מ'דאַרף מער ניט ווי אַרויפפאָרן אויף יענעם בערגל, נאָכדעם נאָך אויף אַ בערגל און פון דאָרטן קען מען שוין כמעט ווי זען די פאַרם. נאָך אַ צוואַנציק מינוט פאָרן און מיר זענען דאָרטן.

***

אָפּשטעלנדיק זיך ביים צאָם פון אַ גרויסער אַלטער הויז, האָט דער אַגענט, מיסטער ראַסקין, לאַנגזאַם גענומען אַרויס־קריכן פון מאַשין.

— אָט דאָס איז דער פּלאַץ! דאָס איז די פאַרם! איר זעט, מיסטער אַרקין, איך האָב אייך ניט אָפּגענאַרט, ניט איבערטריבן, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אַזוי איז דאָס — אַ פיר פינף מייל פון „סטיישאָן", מער טאַקע ניט.

אַרקין איז לאַנגזאַם אַרויסגעקראָכן פון מאַשין, אַ ציי געטאָן די הענט, האַלב פאַרבויגן די עלנבויגנס, אַ הויב געטאָן די ביינער־דיקע שפּיציקע אַקסלען און זיך אַ וויג געטאָן. דער אַגענט האָט אויפגעעפנט דעם טויער פון פאַרם וואָס איז געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריקל צו אַן אַלטן טשעסנאַט־סלופּ.

— קומט — האָט דער אַגענט אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול, אַזוי ווי ער וואָלט גערעדט צו עמעצן, וואָס איז געשטאַנען זייער ווייט פון אים — קומט, מיסטער אַרקין, אַריין אין הויז. לאָמיר באַטראַכטן אַקאָרשט ווי די הויז זעט אויס אינעווייניק.

אַרקין איז מיט ניט זיכערע טריט אַריין אין הויז. ער איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע ביי דער צווייטער טיר, אַריין אין ערשטן צימער, באַטראַכט, געקוקט אויף די ווענט, אויף די פרעמדע אומבאַקאַנטע מאָדנע בילדער, וואָס זענען געבליבן הענגען פאַרשטויבטע, פאַרלאָזענע אויף די ברודנע ווענט, געקוקט אויף די נידעריקע פענצטער, אויפן אַלטן געפּאַרבטן דיל, אויף דער סטעליע.

— וואָס זייט איר דאָ געבליבן שטיין? — האָט דער אַגענט אַ זאָג געטאָן מעשׂה קאָמאַנדיר — קומט ווייטער, לאָמיר אָקאָרשט אַ צייל טאָן די צימערן, לאָמיר זען צי עס איז טאַקע דאָ אַזויפיל צימערן, ווי מ׳האָט אָנגעגעבן. וויפיל צימערן האָב איך געזאָגט, דאַכט זיך צוועלף, אַ יאָ?

— ניין, פערצן האָט איר געזאָגט — האָט אַרקין מיט אַ האַלב ברוגזן טאָן געענטפערט — פערצן צימערן האָט איר געזאָגט און דערצו נאָך אַ קליינע הייזקע — אַ באָנגעלאָ.

— עס קען זיין, מן הסתם געדענקט איר בעסער פון מיר. נו, לאָמיר אַ צייל טאָן. איר ווייסט דאָך, מיסטער אַרקין, אַ מענטש איז ניט קיין מלאך מ׳קען אַמאָל מאַכן אַ טעות אויך, זאָל זיך אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט זיך. מיר וועלן אַ צייל טאָן.

דער אַגענט, ראַסקין, האָט שנעל גענומען שפּרייזן איבער דער גרויסער פאָרם־הויז, אויפעפענענדיק איין טיר נאָך דער אַנדערער.

— ציילט, מיסטער אַרקין, מיר וועלן שפּעטער באַטראַכטן דעם אויסזען פון די צימערן.

— איר זעט — האָט דער אַגענט אַ זאָג געטאָן — אַ צימער! ווי גרויס און ווי הויך דער סופיט איז, וויפיל פענצטער ס׳זענען דאָ אין דעם צימער. מ׳קען גאַנץ גרינג איבער־צאַמען דעם צימער, מאַכן פון אים צוויי, אויב ניט די גאַנצע פיר. איר זעט, יעדער צימער איינס אין איינס זענען אַזעלכע ליכטיקע און לופטיקע. איצט קומט אַרויף אויבן. איר זעט, אַרקין, אַ טרעפּ? איר האָט אַ באַגריף וואָס פאַר אַ האָלץ דאָס איז? ס׳איז דאָך אמתע דעמב. וואו קען מען אין די שטאָטישע הייזער היינטיקע צייטן זען אַזעלכע

טרעפּ. איר ציילט די צימערן? איר זעט, מיר האָבן אויף דעם פּלאַר גאַנצע אַכט. איך האָב אייך פריער געזאָגט, אַז מיר האַנדלען מיט אַן אָרנטלעכן פאַרמער. איין קליייניקייט, מיסטער ברעדווי, איך קען אים שוין פון יאָרן. כאָטש אַ ביסל האָט ער אונדז יאָ אָפּגענאַרט, אָנשטאָט פערצן צימערן, ווי ער האָט מיר געשריבן, איז דאָ כמעט ווי זעכצן, נו, מילא.

— איצט ווען מיר באַטראַכטן די קליינע הייזקע. קומט אַרונטער, מיר וועלן נאָך אַלץ איבערקוקן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. בשקשה קיין זאַך וועט פון דאַנען ניט אַנטלויפן. איר זעט, מיסטער אַרקין, אַז אַלץ איז גענוי ווי איך האָב אייך געזאָגט. ס'זענען דאָ פאַראַן מער צימערן, ווי איך האָב אָנגעגעבן. היינט דער באַרן, אויב מ'האָט שכל און מ'וויל קען מען מאַכן אויס באַרן. איר ווייסט, אַז פון די אַלע געביידעס וואָס שטייען דאָ, קען מען מאַכן צימערן אפשר גאַנצע פערציק און אָט האָט איר אַ גרויסן האָטעל.

— איר ווילט וויסן וואו דער טייכל איז? וואָס הייסט וואו? טאַקע דאָ הינטערן באַרן. וואָס, אַ קליין טייכל? נו, וואָס האָט איר געמיינט, דער האַדסאָן לויפט דאָ? אין פרילינג איז יעדער טייך גרעסער. אין מיטן זומער אין די היצן ווערן אַלע וואַסערן, אַלע טייכן קלענער. אָבער דאָך, איר זעט, אַז אַפילו איצט אין די היצן איז נאָך דאָ אין טייכל גענוג וואַסער. איר זעט מיסטער אַרקין, אָט איז אַ גרויסע פיש פאַרבייגעשוואומען, אַוודאי פון אַ צוויי דריי פונט. מ'דאַרף נאָר דעם טייכל אַ ביסל אַרומגראָבן, פאַרהאַלטן אַ ביסל דאָס וואַסער, וועט דאָס זיין גאָר אַ שיין טייכל. באָרדערס און באָרדערקעס וועלן זיך קענען דאָ באָדן.

— נו, איצט, אַז מיר האָבן אַלץ באַטראַכט, וועלן מיר צופאָרן צום באַלעבאָס, צו מיסטער ברעדוויי. אַ וואוילער מענטש אָט דער ברעדוויי. איך האָב מיט אים שוין געטאָן געשעפטן עטלעכע מאָל. מיט וואָסערע אַכט אָדער ניין יאָר צוריק האָב איך פאַרקויפט זיינס אַ שטיק לאַנד צו אַ יידן, מיסטער קאַנעצקי. אָט דער מיסטער קאַנעצקי האָט אויסגעבויט אַ האָטעל, ניט קיין גרויסן, אינגאַנצן דאַכט

מיר, אַ וואָסערע פופציק אָדער זעכציק רומס. איר הערט, מיסטער אַרקין, אָט דער מיסטער קאַנעצקי, דער ניו יאָרקער סאַלון־קיפּער, איז אָפּגעשטאַנען אין דעם האָטעל פינף יאָר. מיט צוויי יאָר צו־ריק האָט ער דעם האָטעל פאַרקויפט פאַר אַכט און פופציק טויזנ־טער. איר הערט? איר מעגט דאָס הערן, ווי גרינג מ׳ווערט דאָ רייך. אַכט און צוואַנציק טויזנט האָט ער אָפּגענומען קעש און אויף דרייסיק טויזנט אַ מאָרטגעדזש. דער האָטעל שטייט טאַקע דאָ אויף דעם וועג. פאָרנדיק צו מיסטער ברעדוויי, וועלן מיר אים זען.

אַרויסגייענדיק פון דער קליינער הייזקע, איז אַרקין ווידער צוגעגאַנגען צום באַרן, געעפנט די קליינע זייטיקע טירל נאָך אַמאָל.

— נו, וואָס זאָגט איר? אַ יאָ ניט קיין שלעכטע געביידע — האָט ראַסקין אויפהויבנדיק זיין קאָפּ אין דער הויך אַ זאָג געטאָן — איר זעט ווי דער באַרן איז געבויט? צען רומס איז דאָ אַ שפּילכל צו מאַכן. איך דענק, אַז מ׳קאָן דאָ מאַכן רומס און רומס, אפשר פופצן, ווי איך האָב אייך געזאָגט אַ גרויסן האָטעל.

אַרקין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן.

לאַנגזאַם האָט דער טאָג גענומען אויסרינען, פאַרשווינדן. רי־זיקע געשטאַלטן — שאָטנס האָבן זיך גענומען אויסציען, אויס־שפּרייטן איבער פעלד און וואַלד. די זון אַ דערשראָקענע מיט רויטע פייערדיקע פלעקן, ווי אַ פאַרשעמטע האָט זיך פּלוצים געפונען ווי אין אַ פאַרלעגנהייט, אַרומבלאָנדזשענדיק, זוכנדיק אַן אָרט וואו זיך אַהינצוטאָן. אָט כאַפּט זי זיך אַרויף אויפן וואַלד, הענגט זיך אָן אויף די קעפּ פון די הויכע נאָדל בוימער, אָט אַנטלויפט זי אויף דעם נאָענטסטן באַרג און באַלויכט אים אַ ווייילע, קוקט זיך אַרום אַזוי ווי זי וואָלט וועמען ערגעץ געזוכט. פּלוצים איז זי, די זון, ניט געוואָרן, אַנטלאָפן, פאַרשוואונדן און אָט באַווייזט זי

זיך ווידער העט־העט גאַנץ ווייטביים ברעג פון הימל צונויפגע־דריקט ווי אַ קנויל, קוקט מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן אויף דער האַלב טונקעלער וועלט, ווייסט ניט וואו זיך צו באַהאַלטן, וואו זיך אַהינצוטאָן.

## זעקסטער קאַפּיטל

ווען מען איז צוגעפאָרן צו ברעדוויס פאַרם איז שוין געווען גוט טונקל. אַ גריוסער הונט מיט ווייסע פלעקן אויף זיין קערפּער האָט זיי מקבל פּנים געווען און פאַרבולן מיט אַ שווערן הילכיקן בילעריי.

דער אַגענט, מיסטער ראַסקין, איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אין הויף אַרויסגעקראָכן פון מאַשין מיט אַ קרעכץ. ער איז צוגעגאַנגען צום טיר, אָנגעקלאַפּט און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער די טיר פאַמעלעך געעפנט. דער אַלטער ברעדוויי איז געזעסן אויף אַ שטול אָן אַן אָנלען אין קיך ביים פענצטער מיט אַ גרויסן מעסער אין האַנט און געשיילט קאַרטאָפל.

— גוט אָוונט! — האָט ראַסקין אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול — גוט אָוונט! —

דער אַלטער ברעדוויי האָט זיי אָנגעקוקט אַ ווײַלע. קוים מיט שוועריקייט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, אַ רוק געטאָן די ברילן אַ ביסל העכער אויף זיין נאָז און ווי איבערראַשט הויך אַ זאָג געטאָן:

— זע, וואָס זע איך, דאָס ביסטו דאַכט זיך מיסטער ראַסקין. מאַלע! מאַלע! — האָט ברעדוויי מיט אַ הייזעריקן קול גענומען רופן זיין ווייב — מאַלע, זע, וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן.

ברעדוויי האָט גלייך אַוועקגעלייגט דעם גרויסן מעסער, אָפּגעווישט זיינע לאַנגע ביינערדיקע הענט אָן די בלויע אָוועראָלס, וואָס ער האָט געטראָגן און דערלאַנגט ראַסקינען די האַנט. די אַלטע מיסעס ברעדוויי איז אַריינגעקומען פון דרויסן. ניין, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט ווי אַ פויגל אַריינגעפלויגן

אין הויז. אַ קליינע, דאַרע מיט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם פּנים פון אַ פויגל, איר קאָלירטע הויז־קלייד מיט אַלערליי פּינטעלעך מיט די ברייטע אויפגעבלאָזענע אַרבל, האָט נאָך איר פּנים מער פויגלש געמאַכט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט ווערט פון די ברייטע אָנגעבלאָזענע, געפּינטלטע אַרבל פליגלען און זי, מאַלע, גיט אַ קלאַפּ מיט זיי און פליט ערגעץ אַוועק — פאַרשווינדט.

שפּעטער אין אָוונט, ווען מ׳האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, האָט מען זיך צערעדט. דער אַלטער ברעדוויי האָט גענומען דערציילן ווי אַזוי די פאַרם, וואָס זיי האָבן איצט אָנגעקוקט, קומט צו אים.

— עס איז אַ ירושה — האָט ברעדוויי אַ זאָג געטאָן — אַ ירושה פון מיין מאַלעס אַ צווייטן קאָזין — אַן אַלטער „בעטש־לאָר”. ער איז געשטאָרבן טאַקע דאָ ביי אונדז אין הויז. נאָך פאַראַיאָרן זומער האָט ער שוין ניט געפילט ווי עס באַדאַרף צו זיין. ער האָט שוין ניט געקענט אַכטונג געבן אויף זיין באַלעבאַ־טישקייט. זאָג איך צו אים איינמאָל: פרעד, דו ווייסט, דו האָסט אפשר גאָר געדאַרפט פאַרקויפן דיין פאַרם, און זיך אַריינקלייבן צו אונדז. עס וועט זיין פריילעכער פאַר אונדז און אויך בעסער פאַר דיר. אויף דער עלטער, זאָג איך, איז ניט גוט צו זיין אַליין.

— ניין — האָט ער מיר גלייך געענטפערט — ניין, מיין פאַרם פאַרקויף איך ניט. אָט דאָ בין איך געבאָרן געוואָרן און דאָ אויף דער פאַרם וועל איך שטאַרבן.

— ס׳איז אים אָבער ניט באַשערט געווען צו שטאַרבן אויף זיין פאַרם. אָט דאָ ביי מיר אין הויז איז ער געשטאָרבן, ווען ער איז געקומען אויף קריסטמעס פאַרברענגען דעם יום טוב מיט אונדז. שוין יאָרן און יאָרן, אַז ער פלעגט קומען צו אונדז אויף דעם געהויבענעם יום טוב. מיר האָבן אָפּגעגעסן דעם יום טובדיקן מאָלצייט. ער איז אַרויפגעגאַנגען אויבן כאַפּן אַ דרעמל און איז שוין מער ניט אַרונטערגעקומען. מ׳יר האָבן אים שוין אַרונטער־געטראָגן.

ראַסקין האָט אַרויסגענומען סיגאַרן און געטיילט אַלעמען.

— אַ דאַנק — האָט דער אַלטער ברעדוויי אַ זאָג געטאָן — אַ דאַנק, איך רויכער ניט קיין סיגאַרן, זיי זענען צו שטאַרק פאַר מיר. נאָך וועטשערע רויכער איך אַ פּאַיפּ, אַ האַלבע פּאַיפּ טאַבאַק דריי מאָל אַ טאָג. נאָך יעדן מאָלצייט פּיל איך אָן אַ האַלבע פּאַיפּ. דער דאָקטאָר האָט מיר אַפילו פאַרבאָטן צו רויכערן, אָבער ווי קען מען זיך איינהאַלטן. אַזוי פיל יאָרן ווי איך רויכער, ס׳איז שוין איבער זעכציק יאָר. איך בין געווען נאָך אַ קליין יינגל, ווען איך האָב אָנגעפאַנגען רויכערן. איז גיי פּלוצים ווער צוריק אַ קינד, הער אויף רויכערן.

ראַסקין האָט זיך עטוואָס אַ הויב געטאָן פון זיין אָרט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אויפשטעלן און זיך צוריק אָוועקגעזעצט. פאַררויכערט דעם סיגאַר, וואָס ער האָט געהאַלטן די גאַנצע צייט אין מויל און געקייט און פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוואַלד, מיסטער ברעדוויי, ווי די גאַנצע געגנט האָט זיך דאָ געביטן אין דער קורצער צייט, גאָר שווער צו דערקענען. פון פאַרמס איז געוואָרן האָטעלן און פון קליינע טייכלעך גרויסע אָזערעס. די גרויסע שטאָט קלייבט זיך קענטיק אַריבער צו אייך אין די בערג. אומעטום זעט מען נאָר האָטעלן און האָטעלן. עס וועט שוין באַלד ניט בלייבן קיין סימן פון קיין פאַרמס אין דער גאַנצער „קאָונטי״.

— איך דערמאָן זיך — האָט ראַסקין, ציענדיק רויך פון זיין סיגאַר, גענומען ריידן — איך דערמאָן זיך מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב דאָ פאַרקויפט די ערשטע פאַרם צו אַ יידן. דער גאַנצער געגנט איז דאַן געווען אַן אָפּגעלאָזענער, פאַרוואָרפן פון גאָט און פון לייט. קיין „סטייט״־וועגן זענען ניט געווען, קיין האָטעלן, קיין עלעקטרישע באַלייכטונג, ווייט פון אַ באַן. עטלעכע אָרעמע פאַרמערס מיט מאָגערע פערדלעך האָבן געוואַרט ביים „סטיישאָן״, האָפנדיק, אפשר וועט עמעצער קומען צופאָרן און געבן עפּעס צו פאַרדינען.

דער אַלטער ברעדוויי האָט געשמייכלט, הערנדיק וואָס פאַר אַ

מעשיות ראַסקין דערציילט פון אַמאָל. ער האָט לאַנגזאַם אָנגעפילט זיין ליולקע מיט טאַבאַק, אַרויפגערוקט די ברילן העכער אויפן נאָז, זיך גוט איינגעקוקט אין דער ליולקע, צי עס איז טאַקע ניט מער ווי האַלב אָנגעפילט מיט טאַבאַק. דאַן האָט ער פאַררויכערט, געצויגן זשעדנע דעם רויך, געקוקט דורך די אויגן־גלעזער אין דעם געדיכטן רויך און געקנייטשט דעם שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געישובט מיט זיך אַליין, צי זאָל ער איצט נעמען דערציילן, וואָס ער האָט דאָ דורכגעלעבט אַמאָל מיט יאָרן און יאָרן צוריק.

— אָ, וואָס ווייסט איר, מענטשן — האָט דער אַלטער ברעד־ווייי פּלוצים אַ זאָג געטאָן, אַרויסלאָזנדיק אַ זייל רויך פון זיין מויל — וואָס ווייסט איר, ווי מיר האָבן דאָ אַמאָל געלעבט. וואָס ווייסט איר, ווי שווער דאָס לעבן איז דאָ אַמאָל געווען אויפן פאַרם. פאַר אייך יונגע מענטשן איז זיך געוויס שווער פאָרצו־שטעלן ווי מיר פאַרמערס האָבן דאָ אַמאָל געלעבט — אָן וועגן, אָן שטעגן, אָן אַ דאָקטאָר און אָן אַ סקול. מיר זענען געווען ווייט פאַרוואָרפן פון גאָט און פון לייט. דער נאָענטסטער קלויסטער איז געווען עטלעכע און דרייסיק מייל. דער גאַנצער געגנט, פאַר מיילן און מיילן, איז געווען ווילד־בערג, טאָלן און גריבער באַוואַקסן מיט וואַלד.

— די שווערע, לאַנגע, קאַלטע ווינטערס פלעגן זיך ציען מאָ־נאַטן און מאָנאַטן אָן אַ סוף און אָן אַן עק. עס פלעגט זיין אַ מורא ביינאַכט אַרויסצוגיין. הונגעריקע וועלף פלעגן אָפט ביינאַכט באַ־פאַלן אונדזער הויז. אַלס יינגל האָב איך ניט איינמאָל געזען זייערע הונגעריקע, פייערדיקע אויגן גאַנץ נאָענט אַרום אונדזער הויז.

דער אַלטער ברעדוויי האָט אַ זיפץ געטאָן, זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע און ווידער גענומען ריידן:

— גאָטס קללה הויערט אויף דער ערד — ווילדע גראָזן און דערנער האָט ער אונדז פאַרשאָלטן זאָלן וואַקסן אויף איר מיט דעם שווייס פון דיין פנים וועסטו עסן ברויט. גאָט האָלט וואָרט.

— אייך יידן אָבער איז גוט — האָט דער אַלטער ברעדווי, קוקנדיק אויף אַרקינען און ראַסקינען, שטיל אַ זאָג געטאָן און זיין קול האָט פּלוצלונג אָנגענומען אַן אַנדער קלאַנג. — אייך יידן איז גוט. גאָטס קללה גרייכט אייך ניט. איר באַזעצט זיך אויף אַ פאַרם, איר אַקערט ניט און איר זייט ניט און עס וואַקסט. אמת טאַקע, ניט קיין קאָרן און ניט קיין ווייץ, נאָר האָטעלן וואַקסן ביי אייך. גאַנצע שטעטלעך בויט איר אויס. איר מאַכט מיט אייער ענערגיע, אַז די וויסטעניש זאָל נעמען בליען, פול ווערן מיט מענטשן. ניטאָ וואָס צו ריידן, איר זייט פּעאיקע מענטשן. איר פאַרשטייט אַ געשעפט. איר מאַכט פון סקאַלעס זאָל רינען האָניק אוןביימל פון ווילדע דערנער.

דער אַלטער ברעדווי האָט אויפגעהערט אויף אַ ווײַלע צו ריידן, אָפּגעווישט אײַלנדיק דעם שווייס פון זיין שטערן, פונאַנ־דערגעשפּיליעט זיין ווייסע יום טובדיקע וועסט, וואָס ער האָט אָנגעטאָן לכבוד די געסט. די וועסט האָט זיך גענומען פונאַנ־דעררוקן, איין זייט האָט זיך גענומען אָפּרוקן פון דער צווייטער. נאָר דער גרויסער זילבערנער זייגער, וואָס איז געלעגן אין איין זייט וועסט אין דער קעשענע און די שווערע זילבערנע קייט, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו דער צווייטער זייט, האָט ניט דערלאָזן, אַז די וועסט זאָל זיך מער פונאַנדעררוקן.

— יאָ, איז זייט געשעפט־מענטשן, פּעאיקע מענטשן. אָט דאָ ביי אונדז אין סטראָבעריטאָון, האָט איר אויפגעבויט פאַבריקן. איר האָט געמאַכט פון אונדזער דאָרף אַ שטאָט.

— געדענקסט מאַלי — האָט ער זיך געווענדעט צו מיסעס ברעדווי, וואָס איז אַריינגעקומען אין צימער — געדענקסט מיס־טער גרינמאַן, ווי ער האָט גענומען פּעדלען אין אונדזער געגנט, פון אָנהויב מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס און שפּעטער מיט אַ פערד און וואָגן. מיט אַ שווערן פּאַק, אַ פאַרשוויצטער, פלעגט ער שפּאַנען פון איין פאַרם צו אַ צווייטער. דער אַלטער סמיט פלעגט אים רופן: דער וואַנדערנדיקער ייד. ניט איין מאָל האָט

ער געגעסן און גענעכטיקט ביי מיר. אמת, ניט אַלץ וואָס מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש האָט ער געגעסן. ער פלעגט בלויז עסן ברויט, מילך און אַמאָל אַ שטיקל פּוטער אָדער קעז. צו פליייש אָבער און בכלל צו געקאָכטע מאכלים פלעגט ער זיך קיינמאָל ניט צורירן. ווייזט אויס, אַ פרומער ייד געווען, ניט אַלץ האָט ער געמעגט עסן ביי אַ קריסט.

— ער פלעגט אָפט קומען אין אונדזער געגנט. מיר האָבן אים קיינמאָל ניט גערעכנט ניט פאַרן שלאָפן, ניט פאַרן עסן. פלאַץ וואו צו שלאָפן איז ביי אונדז דאָ גענוג און עסן האָט דאַנקען גאָט אויך קיינמאָל ניט געפעלט. איך האָב דאַן געהאַט אַכט מעלקעדיקע קי און אַן איי איז אויך געווען — היינער אין די הונדערטער. נו, עסט אַ מענטש, שלאָפט איבער אַ פאַרוואָגלטער. דערפאַר פלעגט ער אונדז באַצאָלן מיט גלייכווערטלעך, מיט המצאות. שנעל האָט ער זיך אונדזער לשון אויסגעלערנט. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט ער זיצן און דערציילן מעשיות פון זיין אַלטער היים: ווי מענטשן פירן זיך דאָרטן, ווי זיי האַנדלען און וואַנדלען, וועגן זייער פרייד און צער, ווי יידן ווערן פאַרפאָלגט און אונטערדריקט פון דעם צאַר און זיינע משרתים. און אַלץ פאַרוואָס? דערפאַר ווייל זיי היטן אָפּ די ביבל.

דער אַלטער ברעדוויי האָט אויפגעהערט צו ריידן. ער איז געבליבן זיצן שטיל שווייגנדיק, זיך אַרומגעקוקט, אַ פּיר געטאָן זיין שווערע האַנט מיט די פון אַקער צעדרייטע פינגער איבערן שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט מיישב זיין מיט זיך אַליין, צי זאָל ער זאָגן דאָס וואָס ער טראַכט, צי ניט.

— יאָ, דעם אמת געזאָגט, פלעגט זיך מיר ניט גלויבן, עפּעס פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז ער, גרינמאַן, איבערטרייבט. וואָס הייסט אונטערדריקן מענטשן, מאַכן אויף זיי פּאָגראָמען? פאַר־וואָס, ווייל זיי גלויבן אין אַלטן טעסטאַמענט? אמת, ביי אונדז אין לאַנד איז אויך דאָ אַ קלאַס מענטשן, וואָס מ׳האַלט זיי אָפּ־געזונדערט. מ׳האַלט זיי פאַר נידעריקע ברואים. אָבער זיי זענען

דאָך ניגערס, שוואַרצע. ווי דען זאָל מען באַהאַנדלען דעם פֿאַר־שאָלטענעם חמס קינדער? ארור חם, גאָטס קללה ליגט אויף זיי! ניט איינמאָל האָט דער גלח אין קלויסטער געזאָגט, אַז זיי זענען פֿאַרשאָלטן געוואָרן פֿון זייער פֿאָטער נח, זיי זאָלן פֿאַרבלייבן אייביקע קנעכט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז הערנדיק דאַן גרינ־מאַנס רייד, פֿלעג איך קוקן אויף אים מיט פֿאַרדאַכט. עפּעס פֿלעגט זיך מיר ניט גלויבן, אַז די יידן שטייען אויס אַזויפֿיל פֿאַר־פֿאָלגונגען. אמתע קריסטן, פֿלעג איך זיך טראַכטן, קענען ניט זיין אַזוי ברוטאַל. ווי קען דאָס געמאָלט זיין, אַז זיי זאָלן פֿאַר־פֿאָלגן דאָס פֿאָלק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אונדזער „לאָרד”. איך פֿלעג דאַן טראַכטן, אַז ער, גרינמאַן, וויל דערוועקן רחמנות ביי אונדז נאַרישע פֿאַרמערס, כדי מיר זאָלן אים געבן צו לייזן און אַן אומזיסטן נאַכטלעגער און עפּעס אָפּצועסן.

— איר פֿאַרשטייט, ווי אַ מענטש קען אַמאָל פֿאַרקריכן מיט זיינע געדאַנקען אויף פֿאַלשע וועגן? יאָ, איר יידן האָט געמאַכט פֿון אונדזער דאָרף אַ שטאָט! און אַלע גרויסע געשעפֿטן באַלאַנגען טאַקע צו אייך. דעם אַלטן גרינמאַנס זין האָבן די גרעסטע דע־פּאַרטמענט־סטאָר אין געגנט, אַן אַנדער ייד האָט דעם לאָמבער־יאַרד, די מילטאָן ברידער, די צוויי ניו יאָרקער יונגעלייט, האָבן די אייז־פֿאַבריק און יאשראַן האָט געעפֿנט אַ באַנק. אָט אַזוי ווי איר זעט, באַלאַנגען אַלע געשעפֿטן ביי אונדז צו יידן, אַחוץ דעם פּאָסט־אָפֿיס.

— איך טראַכט גאַנץ אָפֿט וועגן אייער רייכקייט, וועגן אייער פֿעאיקייט, וועגן אייער פֿאַרנעם. מ׳זאָגט, אַז אין די גרויסע שטעט באַלאַנגט אַלץ צו אייך. די גרויסע בענק באַלאַנגען צו אייך, בראָדוויי איז אייערע, איבער וואָל־סטריט זייט איר די באַ־לעבאַטים. גרויסע טורעמס מיט צענדליקער, צענדליקער גאָרנס, ווי ריזיקע בערג, האָט איר אויפֿגעשטעלט און איר קיניגט פֿון דער

הויך. דאָס טעלערל פון הימל ווילט איר דערגרייכן און אפשר האָט איר דאָס שוין דערלאַנגט.

— איך קלער גאַנץ אָפט, מיר וואונדערט, וואו ליגט דאָס דער כח, וואו ליגט דער סוד באַהאַלטן. מענטשן זענען געקומען פון אַ פרעמדן, צוריקגעשטאַנענעם לאַנד, אַן געלט און אַן אַ שפּראַך, הוילע, נאַקעטע, אָן בילדונג און אין עטלעכע צענדליק יאָר אַזוי הויך אַרויפגעקראָכן, אַזוי גרויס זיך אַריופגעאַרבעט. זאָגט מיר, שטייט נאָך טאָקע ערגעץ יענער לייטער, וואָס אייער עלטער, עלטער זיידע האָט געזען אַמאָל אין חלום, אַנטלויפנדיק פון זיין ברודערס צאָרן, ווי מלאכים קריכן אַרויף און אַראָפּ פון הימל און ער האָט אייך איבערגעגעבן דעם סוד, ווי אַזוי צו דערגרייכן די הויכקייטן.

— איך ווייס ניט, אָט זיץ איך שוין יאָרן אויף דעם אָרט. מיין עלטער־זיידע האָט זיך דאָ מיט הונדערט יאָר צוריק באַזעצט, אַ גרויסע טייל פון דעם שטעטל האָט באַלאַנגט צו אים. ווי היינט געדענק איך דאָס: עס מוז שוין זיין אַ יאָר זיבעציק, ווי מיין זיידע, דער אַלטער גמליאל ברעדוויי, איז געקומען צופאָרן מיט מיין יונגן פאָטער פון „קאָונטי סיט".

אַ וואָך צייט האָט זיי גענומען דאָס פאָרן הין און צוריק. זיי זענען ביידע, דער טאַטע און דער זיידע, געווען זייער אויפגע־לייגט, זייער צופרידן, וואָס זיי האָבן דעם שטיק פאַרוואָרפענעם „פאַרסל", וואָס איז געלעגן ווייט, מיילן ווייט פון אונדזער פאַרם, פאַרקויפט. עפּעס אַ משוגענער, האָבן זיי געזאָגט, האָט דאָס שטיק לאַנד אָפּגעקויפט. גאַנצע טויזנט דאָלער האָט זיי דער משוגענער באַצאָלט פאַר די צוויי הונדערט אַקער לאַנד, פינף דאָלער אַן אַקער. איר קאָנט זיך גאָרניט פאָרשטעלן, וואָס עס האָט געמיינט מיט אי־בער זיבעציק יאָר צוריק טויזנט דאָלער און נאָך פאַר אַ שטיק פאַרוואָרפן שטיינערנער לאַנד. מיין זיידע, גמליאל, פלעגט אָפט שמייכלען און ריידן, אַז הלוואי שיקט אים גאָט צו נאָך אַ פּאָר

משוגעים, נאָך אַזעלכע יידן זאָלן קומען און קויפן ביי אים לאַנד, וואָלט ער גיך רייך געוואָרן.

— יענער ייד אָבער, וואָס האָט ביי אונדז אָפּגעקויפט דאָס שטיק לאַנד, איז, ווייזט אויס, גאָרניט געווען קיין משוגענער. ער איז געווען קליגער פון מיין זיידן. איך ווייס, איך וועל בעסער שווייגן, ניט ריידן אויף טויטע. עס איז טאַקע ניט שיין אויך, צוליב וואָס שלעפן טויטע פון זייערע קברים. אינגיכן, אין עטלעכע יאָר, האָט די רעגירונג דורכגעפירט אַ וועג דורך דעם געגנט — אַ „סטייט ראָוד”. עטלעכע טויזנט דאָלער האָט דער ייד, וואָס האָט געקויפט ביי מיין זיידן דאָס שטיק לאַנד, געקראָגן פון דער מלוכה. אַ פּאָר גאַסט־הייזער זענען אויף שנעל אויפגעשטעלט געוואָרן. אַ יאָר נאָך אַ יאָר, סטראָבעריטאַון האָט זיך צו ביסלעך גענומען בויען און דעם משוגענעמס קינדער זענען איצט מיליאָנערן.

— יאָ, איך טראַכט און טראַכט, שוין איבער הונדערט יאָר ווי מיין פאַמיליע האָט זיך דאָ באַזעצט און וואָס האָבן מיר אויפ־געטאָן? מיר האָבן געאַקערט די ערד, מיט שווייס אירע שטיינער באַגאָסן, געשלעפּט נאָכאַנאַנד די שטיינער. אָט דאַכט זיך אויסגע־קליבן די שטיינער, אויסגערייניקט דאָס לאַנד און דעם קומענדן זומער ווידער פול מיט שטיינער. עפּעס אַזוי ווי שטיינער וואָלטן פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

— מיינע ביידע קינדער, מיין זון גמליאל און מיין טאָכטער העלען, האָבן פון זייער פריסטער יוגנט אָן געאַרבעט אויפן פאַרם. זיי זענען אַפילו די דאָרפישע שול ניט דורכגעגאַנגען. געווען אַמאָל זייער שווער זיך דורכצושלאָגן. ווידער דינגען אַן אַרבעטער, איז אַ פרעמדן מענטשן דאַרף מען צאָלן און עס איז ניט געווען פון וואַנען. און אַרבעט איז דאָ אַזויפיל אויפן פאַרם. וויפיל דו טוסט איז אַלץ ניט גענוג. די פאַרם שלינגט דיר איין, זי עסט דיר אויף, טאָג און נאַכט האַלט זי דיר פאַרנומען.

— אַ שיינער בחור איז געווען מיין זון גמליאל, אַ געראָ־טענער. ער איז אויסגעוואַקסן הויך און שלאַנק, אַ פאַרגעניגן גע־

ווען צו קוקן אויף אים. ער איז געווען אַ דענקער, שטענדיק געווען פאַרקלערט. קיין פולע האָט ער טאַקע ניט געלערנט, דאָך האָסטו מיט אים געקענט ריידן וועגן אַלץ. מיט אונדזער גלח פלעגט ער אָפט פאַרברענגען, ריידן וועגן גאָט, וועגן דער ביבל און אויך וועגן פּאָליטיק. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אויפן פֿאַרם, פלעגט ער זיצן שפּעט אין דער נאַכט און לייענען די ביבל.

— ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה מיט שפּאַניע. מ'האָט גערופן וואָלונטירן. ער, מיין גמליאל, איז געווען דער ערשטער פון דעם געגנט, וואָס האָט זיך אָפּגערופן און איז אַוועק. איך געדענק עס זייער גוט, עס ליגט מיר גוט אין זינען, עס דאַכט זיך מיר, אַז ערשט נעכטן האָט דאָס פּאַסירט. כאָטש אַזויפיל וואסערן זענען שוין דורך דער צייט דורך מיין טייכל דורכגעלאָפן. אָט באַגלייט איך אים. ער, מיין גמליאל, אַ הויכער, אַ גלייכער ווי אַ נאָדל בוים, גייט שנעל איילנדיק מיט גרויסע, פעסטע טריט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געאיילט ניט צו פאַרשפּעטיקן. דריי בריוו האָבן מיר דערהאַלטן פון אים פון האַוואַנאַ. דערנאָך האָבן מיר דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון דער רעגירונג, אַז נאָך אַ שלאַכט ערגעץ דאָרטן אויפן אינזל איז ער ניט געוואָרן, ער פעלט.

דער אַלטער ברעדוויי איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, אַרונטערגענומען מיט זיינע טרייסלענדיקע הענט די ברילן, אויסגעווישט זיינע פולע מיט טרערן אָנגעלאָפענע אויגן און צו זיך אַליין געמורמלט: מיין גאָט! מיין גאָט!

די אַטמאָספערע אין הויז האָט זיך מיטאַמאָל געביטן. אַן אומעט איז אַלעמען באַפאַלן. שאָטנס פון לאַנג פאַרשוואונדענע דורות האָבן מיט אַמאָל גענומען אָנפילן דאָס הויז, קריכן אויף די פענצטער, שאַרן זיך אויף די ווענט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלע יידעס און באָבעס, וואָס האָבן דאָ פאַר דורות און דורות געלעבט און געשטאָרבן, זענען איצט אויפגעשטאַנען פון זייערע קברים, געקומען אַהער אין דער אַלטער איבער הונדערט־יעריקער

הויז, זוכן זייערן אַן אייניקל, וואָס איז פאַרשוואונדן געוואָרן, פאַרלאָרן געגאַנגען אין אַ ווייטער פרעמדער וועלט.

ווען מיסעס ברעדוויי איז אַריינגעקומען, איז דער צימער גע־ווען אָנגעפילט מיט רויך. אַלע זענען געזעסן שווייגנדיקע, אומע־טיקע. דער אַלטער ברעדוויי האָט געקלאַפּט מיט זיינע שווערע פינגער איבער דער גרויסער ליולקע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין האַנט און געקוקט ווייט ערגעץ ווייט אין דער וועלט אַריין.

די לבנה האָט זיך פלוצים אַרויסגעריסן פון די וואָלקנס און גענומען אַריינקוקן אין די פענצטער, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זען, וואָס טוען דאָ אַ פּאָר יידן אַזוי שפּעט אין דער נאַכט אין ברעדווייס הויז. דער גרויסער, נייער, ווייסער צלם, וואָס איז געשטאַנען צווישן די שוואַרצע מיט מאָך באַוואַקסענע מצבות אויף דעם קליינעם פאַמיליע בית־עולם, האָט איצט ביי דער בלאַסער שיין פון דער לבנה אויסגעקוקט פון ווייטנס ווי אַ תליה. אַ גע־שריי פון אַ פויגל האָט זיך דערהערט פון וואַלד, אַ גערויש פון פליגלען האָט זיך פאַרבייגעטראָגן לעבן פענצטער, אַ לייכטער ווינטל האָט זיך אָן עפּעס אָפּגעשלאָגן. דער פייער אין קעראָסין־לאָמפּ האָט פלוצים אויפגעציטערט, שאָטנס, געשטאַלטן זענען געקומען און זיך גענומען קייקלען און וויגן אויף די אַלטע ביל־דער, וואָס זענען געהאַנגען אויף די גרויע ווענט.

עס האָט זיך דעם אַלטן ברעדוויי גענומען דאַכטן, אַז אָט די אַלע בילדער, וואָס העגנען אַזוי פיל יאָרן אויף די ווענט, האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען באַוועגן. אָט קריכט אַרונטער דער אַלטער גמליאל ברעדוויי, אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ שווערער, קוים אַרונ־טער פון וואַנט, גייט אים פאַרביי און פאַרשווינדט. אָט זעט ער זיין אַלטע באָבע רעבעקאַ, ווי זי קריכט אַרונטער פון וואַנט אָנ־געטאָן אין אירע יום־טובדיקע קליידער מיט דעם גרויסן שטרויענעם הוט אויף איר קאָפּ. ער הערט פון דרויסן זיין זיידנס קול ווי ער שרייט און רופט: „רעבעקאַ! רעבעקאַ! די פערד זענען שוין איינ־

געשפּאַנט, וואָס נעמט דיר דאָרט אַזוי לאַנג". אַט גייט פאַרביי זיין טאַטע, וואָס איז געשטאָרבן אַלס יונגערמאַן, זיין בלאָנדע בערדל איז איצט גרוי. ער וואונדערט זיך ווי שנעל זיין טאַטע איז אַלט און גרוי געוואָרן. זיין טאַטע בלייבט אַ ווײַלע שטיין לעבן אים, קוקט אים אָן מיט זיינע מילדע בלויע אויגן. ער זעט ווי זיין טאַטע עפנט דאָס מויל, זאָגט אים עפּעס, נאָר ער הערט ניט, זיין טאַטנס רייד האָבן ניט קיין קלאַנג. אַט קריכט אַרונטער פון וואַנט זיין קלוגע, שטאָלצע מאַמע. אירע אויגן שמייכלען, איר פּנים שיינט, ווייזט אויס, אַז זי איז צופרידן, וואָס זי האָט איר זון געפונען אין דעם זעלבן הויז, וואו זי האָט אים אַמאָל געלאָזן. דורות נאָך דורות האָבן גענומען פאַרבייגיין אָן אַ סוף און אָן אַן ענד.

און עס דאַכט זיך אים, אַז ער זיצט און הערט ווי זיין זיידע גמליאל, דערציילט זיין טאַטן די העלדישקייט פון זיין עלטער־עלטער זיידן, פון דעם ערשטן ברעדווייער, וואָס האָט זיך דאָ אַמאָל באַזעצט. עס דאַכט זיך אים, ער זעט ווי זיין זיידע הויבט זיך אויף פון זיין שווערן דעמבענעם שטול, שאַרט די פיס מיט די שווערע ווינטערדיקע שיך איבערן הויז, גייט צו צום פענצטער, וואָס קוקט אַרויס צום וואַלד, קוקט דורך דער שטיקל אָפענער שויב, וואָס דער פראָסט האָט פאַרגעסן צו פאַרציען מיט זיין פאַרהאַנג, שאַרט זיך אַוועק צוריק. ער בלייבט שטיין אין מיטן הויז, קוקט אויף זיינע זין מיט די קורצע בערדלעך, וואָס זיצן אַזוי פאַרקלערט ביי דעם גרויסן קיילעכדיקן אויוון מיט דעם גרויסן בויך, וואָס שטייט אין מיטן הויז און פּיפּקען זייערע לולקעס. זיין זיידע גיט אַ גלעט זיין שווערע, געדיכטע באָרד מיט זיינע קרומע פון אַקער צעדרייטע פינגער.

— איך געדענק אים גאַנץ גוט — הערט ער ווי זיין זיידע רעדט. — אַ סאָלדאַט — זאָגט ער — איז מיין עלטער־זיידע געווען אַ בראַווער, געווען אַ רייטער אין דער קאַוואַלעריע, פילע

שלאַכטן האָט ער דורכגעמאַכט, דריי מאָל געווען פאַרוואונדעט, געבליבן געליימט אויף דער רעכטער פוס.

עס דאַכט זיך אים, ער זעט זיין עלטער־עלטער זיידן, אַט דעם ערשטן ברעדוויי, דער סאָלדאַט, וואָס האָט זיך דאָ אַמאָל באַזעצט אויף די טויזנטער אַקער לאַנד, וואָס די רעגירונג האָט אים געגעבן אַ מתנה פאַר זיין בראַווקייט, רייט פּלוצים אַרונטער פון וואַנט אויף זיין גרויען פערד אָנגעטאָן אין זיין יוניפאָרם. ער לויפט דורך פאַרביי אים און פאַרשווינדט.

די לולקע אין ברעדווייס האַנט האָט זיך גענומען טרייסלען. ברעדוויי האָט לאַנגזאַם אויפגעעפנט זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, אַרונטערגענומען מיט דער טרייסלענדיקער האַנט דיברילן, אַרומ־געקוקט זיך אַזוי ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. ער האָט באַטראַכט דעם אַגענט, אַרקינען, אַזוי ווי ער וואָלט זיי איצט ערשט דער־זען, געקוקט מיט פאַרשנדע בליקן אויפן וואַנט, אויף די בילדער וואָס העגגען און פאַר זיך אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז קיינער זאָל ניט הערן, שטילערהייט געמורמלט: — מיין גאָט! מיין גאָט!

## זיבעטער קאַפּיטל

אויף מאָרגן אין דער פרי, גלייך ווי מ׳האָט אָפּגעגעסן פרישטיק, זענען דער אַגענט, אַרקין און מיסטער ברעדוויי צוגעפאָרן נאָכאַמאָל אָנקוקן די פאַרם. דעם גאַנצן וועג צו דער פאַרם, האָט דער אַגענט געהאַלטן אין איין ריידן. ער האָט ווידער און אָבער דער־ציילט, ווי ער איז דעם ערשטן מאָל געקומען אין דעם געגנט.

— דאָס מוז שוין זיין אַ יאָר דרייסיק צוריק — האָט ראָסקין נאָך אַ ווײַלע קלערן אַ זאָג געטאָן — געקומען מיט אַ יידן אַ סאַלון־קיפּער צו קויפן אַ פאַרם. ווי אָרעם דער גאַנצער געגנט האָט דאַן אויסגעזען. ווער וואָלט דאָס דאַן געגלויבט, אַז אין דעם אָרעמען פאַרוואָרפענעם געגנט וועלן אויסוואַקסן אַזוינע ריזיקע האָטעלן, אַז פון דער קליינער סטראָבעריטאַון, אָט פון יענעם קליינעם דערפל פון עטלעכע הייזער, וועט אויסוואַקסן אַ שטאָט מיט טויזנ־טער איינוואוינער.

— האַ, וואָס זאָגט איר, מיסטער ברעדוויי, אויף אונדזערע יידן? נישקשה, איר מעגט אונדז דאַנקען. ניט שייך זיך צו באַ־רימען, אָבער מיר יידן האָבן אויפגעלעבט דעם גאַנצן געגנט. מיר האָבן געבראַכט די גרויסע שטאָט צו אייך אין דאָרף.

— אמת טאַקע — האָט דער אַלטער ברעדוויי נאָך אַ ווײַ־לע שווייגן אַ זאָג געטאָן. — כאָטש אייניקע פון אונדז זענען ניט איבעריק צופרידן. זיי האַלטן, אַז איר האָט אַריינגעבראַכט צו־פיל טומל, צופיל ליאַרעם. אייערע ווייבלעך און מיידלעך פירן זיך אויף אַ ביסל צו פריי פאַר אונדז פאַרמערס. נאָר גאָרניט, אַלץ קען דאָך ניט זיין גוט.

וואָלט איך געוועזן מיט וואָסערע דרייסיק אָדער פערציק יאָר יינגער און וואָלט געהאַט מיט וועמען, וואָלט איך אפשר אויך פאַרוואַנדלט מיין הויז אין אַ באָרדינג פּלאַץ. נאָר עס איז שוין ניט די יאָרן אָנצופאַנגען אַ געשעפט. אַחוץ דעם, דאַרף מען זיך אויס־טויגן צו געשעפטן. עס איז ניט דער אַקער, צו וועלכן מ׳דאַרף

איבערהויפט הענט, צו געשעפט דאַרף מען האָבן אַ קאָפּ. האַ, וואָס זאָגסטו, מיסטער ראַסקין? פאַרפאַלן, איך וועל שוין פאַרבלייבן אַ פאַרמער.

ווען מען איז צוגעפאָרן צו דער פאַרם, האָבן זיי געפונען דעם טויער, וואָס פירט אַריין אין הויף, ברייט אָפן. ווייזט אויס, אַז נעכטן אַוועקפאָרנדיק פון דאַנען, האָט מען זיך פאַרגעסן צו פאַרבינדן דעם טויער.

דער אַלטער ברעדוויי, איז דער ערשטער אַרויסגעקראָכן פון מאַשין, צוגעגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט צום גאַניק און געבליבן שטיין, געקוקט אויף די גרויסע שטיינערנע טרעפּ, וואָס פרעד האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויסגעלייגט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ראַסקין און אַרקין זענען געבליבן שטיין אין הויף, באַטראַכט פון ווייטן דאָס הויז, געקוקט אויף אַן אַלטן צעבראָכענעם וויג־שטול, וואָס האָט זיך געשאָקלט הין און צוריק אויף דער אָפענער ווערענדע. אַרקינס אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דעם אַלטן וויג־שטול. די געשטאַלט פון דעם געשטאָרבענעם פרעד, דער בעל־הבית פון פאַרם, פון וועמען ברעדוויי האָט זיי נעכטן דערציילט, האָט פּלוצלונג זיך אויסגעפורעמט פאַר זיינע אויגן, ווי ער פרעד זיצט אויפן „ראָקער“, און וויגט זיך הין און צוריק.

— זע — האָט ראַסקין אים איבערגעשלאָגן זיינע געדאַנקען — איר זעט, מיסטער אַרקין? איר זעט דעם נייעם דאַך? אַ נייער דאַך אויפן הויז! איך האָב נעכטן גאָרניט באַמערקט, אַז די הויז האָט אַ נייעם דאַך.

— מיסטער ברעדוויי — האָט ראַסקין הויך מיט א פריילעכער שטימע אַ פרעג געטאָן — ווען האָט מען אַרויפגעצויגן אַ נייעם דאַך אויפן הויז?

— מיט אַ יאָר צוריק — האָט ברעדוויי הילכיק געענטפערט — אין אויגוסט ווערט דוכט זיך אַ יאָר.

ברעדוויי האָט לאַנגזאַם אָפּגעשלאָסן די פאָדערשטע טיר. אַלע דריי איינער נאָך דעם אַנדערן זענען זיי אַריין אין הויז. אַרקין

האָט ווידער גענומען באַטראַכטן די הויז. ער איז געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן, געטאַפּט מיט זיינע דאַרע הענט די ווענט, גע־קוקט אויף דער סטעליע, באַטראַכט די טרעפּ און איז אַרונטער אין קעלער. דאָרטן איז ער געבליבן שטיין לעבן דער גרויסער גרוב, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן און זיך פּלוצים פאַרהוסט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קבר? — האָט אַרקין אויסהוסטנ־דיק זיך אַ פרעג געטאָן.

— דאָס איז אַן אָרט אויף צום האַלטן גרינס אויף אַ גאַנצן ווינטער. אָט די גרוב פּילט מען אָן מיט אַלערליי גרינסן. מ׳לייגט די גרינסן אויס שורותווייז און מ׳פאַרשיט מיט ערד. אַזוי האָט מען פרישע גרינסן אַ גאַנץ ווינטער. — געבנדיק דאָס אַלץ אַרקינען צו פאַרשטיין, האָט דער אַלטער ברעדוויי אָפּגעווישט די הענט אָן זיינע הויזן, פּונקט ווי ער וואָלט איצט פאַרענדיקט אָנפּילן די גרוב מיט גרינסן.

ווען מ׳האָט אַלץ ווידער און נאָכאַמאָל באַטראַכט, האָט מען גענומען ריידן וועגן געשעפט. מ׳האָט גענומען ריידן און זיך דינ־גען נאָכאַמאָל וועגן פּרייז. אַרקין האָט אַ זאָג געטאָן, אַז דער אַגענט, ראַסקין האָט אים אין שטאָט דערציילט, אַז אויף דער פאַרם געפינען זיך פינף קי, צוויי גוטע פערד, הינער און קאַטשקעס, דאָס אַלץ האָט ער אים געזאָגט גייט מיטן פאַרם און איצט זענען די אַלע זאַכן ניטאָ. דעריבער דאַרף מען אים אַרונטערלאָזן פון פּרייז גאַנצע טויזנט דאָלער.

דער אַלטער ברעדוויי האָט געשמייכלט הערנדיק אַרקינס רייד. פינף קי, אַ פּאָר אַלטע פערד און עטלעכע צענדליק הינער, — האַ, ראַסקין, — האָט ער שמייכלענדיק שטילערהייט אַ זאָג געטאָן — דו ווייסט וואָס מ׳קריגט פאַר אַזאַ „סטאַק", ווען מ׳פאַרקויפט דאָס צו ענדע זומער.

ראַסקין איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט, ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דער פאַרלעגנהייט.

— דו ווייסט — האָט ראַסקין נאָך אַ ווײַלע שווייגן פּלוצים

אַ זאָג געטאָן צו אַרקינען אין יידיש הויך אויפן קול — הער זיך צו, צו וואָס דאַרפט איר האָבן קי און פערד אויפן פאַרם? איר גייט דען זיך אָפּגעבן מיט פאַרמעריי? גלויבט מיר, ווען איר זאָלט מיר זאָגן, אַז איר מיינט מיט אַן אמת זיך אָפּגעבן מיט פאַרמעריי — מאַכן אַ לעבן פון אַקער, איז ווי איר זעט מיך אַ יידן, כאָטש איך בין אַן אַגענט, כאָטש דאָס איז מיין פרנסה, וואָלט איך אַליין אייך אָפּגערעדט פון דעם.

— איר וועט דאָך דאָ האָבן אַ האָטעל, האַלטן באָרדערס, אָדער ווי זיי רופן דאָס איצט „האָבן געסט”. נו, פרעג איך אייך: דאַרף מען האָבן אַ שענערן פּלאַץ? איר זייט עפּעס אַ מבין אויף דעם פּלאַץ, מיסטער אַרקין? אין דעם גאַנצן געגנט, פאַר מייל'ן און מייל'ן אַרום וועט איר ניט געפינען קיין שענערן אָרט ווי אָט דער וואו מיר שטייען.

— וואָס האָט איר זיך איינגערעדט קי, וואָס טויג אייך פערד, אַ מעשה מיט הינער! אַ האָטעלקיפּער באַדערט זיך ניט מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, דאָס איז אַן עסק פאַר אַ פּויער, ניט פאַר אונדזערע שטאָטישע מענטשן. ספּעציעל נאָך אַזאַ מענטש ווי איר, וואָס איז ניט קיין גיבור. איר, מיסטער אַרקין, דאַרפט מאַכן אַ לעבן אויף אַ לייכטערן אופן. אַן עסק, נו, זיך גיין וואַלגערן אין „באַרן”. טוט מיר אַ טובה: רעדט ניט מיטן פאַרמער וועגן „סטאָק”, מיר וועלן זיך אויסדינגען. נישקשה, ראַסקינס קאָפּ האָט נאָך ניט אויסגע־דאַרט, לאָזט דאָס איבער צו מיר. עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך פאַרקויף אַ פאַרם. איך ווייס ווי מ'דאַרף מיט זיי האַנד־לען. איר הערט, מיסטער אַרקין, איך האָב ניט אַזוי פיל האָר אין קאָפּ מיט וויפיל פאַרמערס איך האָב שוין געמאַכט געשעפטן. עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל און איך האָף, אַז אַוודאי ניט דאָס לעצטע, לאָזט דאָס אַלץ איבער צו מיר און עס וועט זיין אָלרייט.

ווען זיי זענען מושוה געוואָרן מיטן פּרייז, האָט זיי דער אַל־טער ברעדוויי אַרומגעפירט איבער דער גאַנצער שטיק לאַנד, גע־

וויזן זיי די אַלע גרענעצן, וואו דאָס לאַנד הויבט זיך אָן און וואו ס׳ענדיקט זיך. ער האָט זיי געוויזן די צוויי קרעניצעס מיט וואַסער, וואָס פילן אָן דאָס טייכל און ער האָט זיי אויך געוויזן דעם פריי־וואַטן בית־עולם, וואָס איז געווען ניט ווייט פון דעם פאַרם־הויז פאַרשטעלט צווישן די אַלטע באַבלעטערטע ביימער.

— אָט פאַר דעם שטיקל לאַנד וועט איר קיין „דיד״ ניט קריגן — האָט דער אַלטער ברעדוויי אַ זאָג געטאָן מיט אַן אור־מעטיקן קול — דעם קליינעם בית־עולם פאַרקויף איך ניט. דאָ אויף דעם פלאַץ ליגט באַערדיקט מיין מאַליס זיידע און באָבע, דאָס שטיקל פלאַץ בלייבט אין אונדזער באַזיץ אויף אייביק.

אַרקין האָט זיך איינגעגעסן מיט זיינע פיבערישע אויגן אין די אַלטע מיט מאָך באַוואַקסענע מצבות, וואָס האָבן עטוואָס אַרויס־געקוקט דורך די גרין באַבלעטערטע ביימער, געקוקט און גע־שוויגן.

ברעדוויי האָט זיי נאָך און נאָך אַרומגעפירט, אָנגעוויזן אַלץ גרויסע פעטע שטיקער לאַנד, וואו פרעד פלעגט קולטיווירן, זייען פאַרשיידענע גרינסן. ער האָט זיך פלוצלונג איינגעבויגן, אַרויסגעריסן אַגרויסע ווילדע פלאַנץ און אָנגעמענדיק אַ הויפן מיט ערד אַ זאָג געטאָן:

— איר זעט ערד, ווי שוואַרץ דאָס איז, ווי פעט, מיר דוכט — האָט ער שמייכלענדיק, קוקנדיק אויפן הויפן ערד, אַ זאָג געטאָן — ווען מ׳זאָל דאָ פאַרזייען אַפילו קינדער, וואָלטן זיי אויך אויף דער פעטער ערד געוואַקסן.

ווען מ׳איז צוריק אַריין אין מאַשין, איז אַרקינס בליק ווידער געפאַלן אויף דעם אַלטן האַלב צעבראָכענעם וויגשטול, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדע און האָט זיך געוויגט פון זיך אַליין הין און צוריק, הין און צוריק...

## אַכטער קאַפּיטל

אויף מאָרגן איז אַרקין געקומען צופאָרן אַהיים. — דאָס פּלאַץ, די פאַרם געפעלט מיר זייער — האָט ער ביילקען געזאָגט — אמת טאַקע, עס איז ניט אַלץ אַזוי ווי דער אַגענט מיסטער ראַסקין האָט פאַרגעשטעלט, אָבער וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַן אַגענט זאָל ניט אַ ביסל איבערטרייבן. אמת, דאָס הויז דאַרף מען אַ ביסל אויסלאָדן, אָבער קיין סך געלט דאַרף מען ניט אויסגעבן. איך דענק, אַז אַ פּאָר הונדערטער וועט דערווייל זיין גענוג. איך וואָלט אַ בעלן געווען, אַז דו זאָלסט צופאָרן אַ קוק טאָן אויפן פּלאַץ, איידער מיר קויפן עס. עס איז שוין אפשר צו שפּעטלעך, אַז מיר זאָלן נאָך דעם זומער טאָן „באָרדינג ביזנעס". דערפאַר אָבער וועלן מיר זיך קענען גוט צוגרייטן פאַר דעם קומענדן זומער. מיר וועלן האָבן צייט אַלץ ריכטיק אַרומקוקן, פאַרריכטן יעדע זאַך ניט געאיילטערהייט, טאָן יעדע זאַך אָן איילעניש — מיט אַ רואיקן קלאָרן קאָפּ.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז אַרקין געזעסן מיט זיין פרוי, דערציילט איר פון דעם אַלטן פאַרמער, פון וועמען זיי קויפן די פאַרם. דערציילט איר אויך אַ שפּאַסיקע מעשה וועגן דעם אַגענט.

— עס איז טאַקע אַזוי ריכטיק ווי דער אַגענט האָט געזאָגט, עס איז אַ ירושה. ער, דער פאַרמער, האָט די פאַרם געירשנט פו זיינעם אַ קאָזין אַ בחור, וואָס איז טאַקע ביי אים אין הויז פּלוצים געשטאָרבן. קריסטמעס האָט ער אָפּגעגעסן „דינער" ביי דעם פאַרמער אין הויז און איז אַרויפגעגאַנגען אויבן כאַפּן אַ דרעמל און ער איז שוין מער ניט אַרונטערגעקומען.

אַרקינען האָט פּלוצים אויפגעטרייסלט, זיינע דינע שפּיציקע אַקסלען האָבן געציטערט. ביילקעס אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין אים.

— נו, וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי מאָדנע — האָט אַרקין

אַ זאָג געטאָן — דו מיינסט, אַז איך ווייס ניט, אַז מ׳שטאַרבט אויף אַ פאַרם אויך ?

ביידע זענען איצט געבליבן זיצן אומעטיקע, פאַרטראַכטע, געקוקט איינער אויפן צווייטן מיט מאָדנע בליקן, געקוקט און געשוויגן.

שפּעטער האָט מען ווידער גענומען ריידן וועגן פאַרם, רעכענען וויפיל געלט מ׳דאַרף האָבן.

— עס קען זיין — האָט אַרקין אַ זאָג געטאָן — אַז אונדז וועט פעלן עטלעכע הונדערט דאָלער. מ׳וועט אפשר דאַרפן פאַר־קויפן די „באָנדס", מיט צען פּראָצענט „דיסקאַונט" קען מען קריגן „קעש" פאַר די „באָנדס".

— מ׳דאַרף ניט ! — האָט ביילע אַ זאָג געטאָן — מיר וועלן צופאָרן צו אָנקל הערמאַן, ער וועט אונדז אפשר גאָר לייען די פאַר הונדערט דאָלער.

אַרקין האָט געשוויגן, איר מער גאָרניט געענטפערט, נאָר אַ פּאָר רויטע גרויסע פלעקן האָבן זיך צעשפּילט אויף זיין פאַרמעט בלייכן פּנים.

*
**

אויף מאָרגן אָוונט איז ביילקע מיט אַרקינען צוגעפאָרן צו אָנקל הערמאַן.

— גוט וואָס איר זייט געקומען — האָט זיי אָנקל הערמאַן אויפגענומען, גלייך ווי זיי זענען אַריין אין הויז — גוט וואָס איר זייט געקומען. עס איז אַזוי אומעטיק, קינדער, צו זיין אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ קראַנקער אַליין אין אַזאַ גרויסער איינזאַמער הויז.

— וואָס איז דער מער — האָט ביילקע צעשראָקן אַ פרעג געטאָן — די טאַנטע איז ווידער קראַנק ?

— יאָ, ביילקע, זי איז זייער קראַנק. איך ווייס גאָרניט,

וואָס מ׳קען טאָן. די וואָך איז דער פּראָפעסאָר דאָ געווען צוויי מאָל, ער גיט אָבער גאָנץ ווייניק האָפענונגען.

אַן עלטערע בלאָנדע פרוי אָנגעטאָן אין ווייסן האָט זיך שטיל אַריינגעשאַרט אין צימער און האָט שטילערהייט בלויז מיט די אויגן אַ רוף געטאָן דעם אָנקל הערמאַן. אַרקין און ביילקע זענען געבליבן זיצן אין די שווערע דעמבענע שטולן, געקוקט מיט אומרואיקע אויגן אויף די געלע און רויטע בלומען, וואָס האָבן אַזוי בנעימותדיק אַריינגעקוקט אין די אָפענע פענצטער. זייערע בליקן האָבן געוואָנדערט פון איין זאַך אויף דער צווייטער, ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם גרויסן אויל־בילד, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און האָט איצט עפּעס געקוקט אַזוי פרעמד און בייז אַרום און אַרום.

— אַט אַזוי איז דאָס — האָט אַרקין פּלוצים גענומען קלערן — אַט אַזוי איז דאָס, דעם טויט קען מען ניט פאַרהאַלטן, מ׳קען זיך ניט אַרומצאַמען און מ׳קען אים ניט פאַרטרייבן, וואו ער וויל אַהין קומט ער צוגיין און נעמט זיין קרבן. ער קומט אַפילו אין די רייכסטע הייזער, וואו עס איז אָנגעפילט מיט דינער און דינסטן, וואו מענטשן שטייען שטענדיק ביים טיר, וואו עס איז שווער אומגעלאָדענערהייט אַריינצוקומען. אָבער ער, דער טויט, שרעקט זיך ניט אָפּ, ער געפינט אַ וועג, ער קומט אַריין. דער גרעסטער דאָקטאָר, דער פּראָפעסאָר, קען אים ניט פאַרטרייבן. דער טויט עפנט זיין מויל, שלינגט איין זיין קרבן און קיינער קען אים ניט העלפן, קיינער קען דעם קרבן ניט מציל זיין.

די בלאָנדע פרוי אין ווייסן אָנגעטאָן איז ווידער אַרונטערגעקומען און האָט איבערגעשלאָגן אַרקינס געדאַנקען.

— קומט אַרויף — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן — די טאַנטע וויל אייךביידן זען.

די האַלב־געדרייטע דעמבענע טרעפּ האָבן אַרויפגעפירט ביילקען מיט אַרקינען צום צווייטן שטאָק צו דער קראַנקער אין צימער.

אין אַ הויכער, ברייטער, מאַסיווער בעט מיט אַ שפּיגל צו־

קאָפּנס איז געלעגן די קראַנקע. אירע שוואַרצע לאַנגע האָר זענען געווען אויסגעשפּרייט, צעשאָטן איבערן קישן. אַלץ איז אין צימער געווען ווייס: דאָס בעט, דער צודעק פון בעט, די פענצטער, די טירן, די ווענט, אַפילו דער קאַרפעט, וואָס איז געלעגן אויפן דיל, איז געווען באַצירט מיט ווייסע בלומען. נאָר דער קראַנקערס בלייכער פּנים מיט די צעשראָקענע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן ניט האַרמאָנירט מיט דער קלאָרער ווייסקייט און האָבן אָנגעפילט דעם צימער מיט אומעט און שרעק.

ביילקעס אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן, קוקנדיק אויף איר קראַנקער טאַנטע. ווי זי האָט זיך געענדערט אין אַזאַ קורצער צייט, האָט ביילקע אַ טראַכט געטאָן. עס איז איר גאָר שווער צו דערקענען. ווי אַ טויטע האָט די טאַנטע צו ביילקען אויסגעקוקט.

די נוירס איז אַריינגעקומען אין צימער און דערזעענדיק ווי ביילקע זיצט און ווישט אירע אויגן, האָט זי אַ פּאָך געטאָן מיט דער האַנט און הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן:

— די טאַנטע דאַרף שוין גיין שלאָפן, זי דאַרף האָבן רו.

ביילקע האָט זיך אויף שנעל אויפגעשטעלט, אָנגענומען דער קראַנקער פאַרן האַנט, געהאַלטן אַ ווײַלע איר ווייסע פּיבערישע האַנט און געטראַכט: אָט אַזוי האָט זי אַמאָל, אין זייער קליינעם שטעטעלע אין דער ליטע, געהאַלטן איר קראַנקער מאַמעס האַנט, איידער זי, איר מאַמע, איז געשטאָרבן. נאָר איר מאַמע האָט דאַן געהאַלטן אָפן אירע אויגן און געקוקט אויף איר מיט אַזאַ מאָדנעם בליק. זי, ביילקע, האָט קיינמאָל ניט געזען אין מענטשלעכע אויגן אַזאַ סאָרט בליק. זי, איר מאַמע, האָט דאַן אויך באַוועגט אירע ליפּן, אָבער קיין וואָרט, קיין קלאַנג איז ניט אַרויסגעקומען. עס דאַכט זיך איר, אַז זי האַלט נאָך אַלץ איר מאַמעס האַנט, נאָר די אויגן האָט די מאַמע איצט פאַרמאַכט און די ליפּן האָבן זיך אויפגעהערט באַוועגן.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז אַרקין מיט ביילקען געזעסן

ביי אָנקל הערמאַנען אין הויז. אַרקין האָט דערציילט וועגן דער פּאַרם, וואָס ער האָט אָנגעקוקט אין די בערג און וואָס ער און ביילקע האָבן באַשלאָסן צו קויפן.

— איך ווייס — האָט אַרקין נאָך אַ ווײַלע שווייגן מיט אַן אומעטיקן קול אַ זאָג געטאָן — איר מיינט, אָנקל, אַז איך בין זיכער, אַז דאָרט אויף דער פּאַרם ליגט מיין רפואה. אַמאָל קען זיין, אַז דאָס גאַנצע אַנטלויפן פון שטאָט איז אַ נאַרישקייט. דער טויט קען זיין שטייט שוין הינטער מיינע פּלייצעס און שמייכלט. נאָר איך ווייס ? דער דאָקטאָר זאָגט, טרייט אַ פּאַרם, נו, פּאָלג איך, אפשר, אָבער ווער ווייס ?

אָנקל הערמאַן האָט ניט געענטפערט אויף אַרקינס רייד. ער האָט געקוקט מיט אַ שטרענגן בליק אויף ביילקען, אויף אַרקינען און געשוויגן, אַרויסגענומען אַ קעסטל ציגאַרן פון אַ זייטיקן שופלאָד פון דעם קיילעכדיקן טיש לעבן וועלכן זיי זענען געזעסן, גענומען אַ ציגאַר און פאַררויכערט, געגעבן אויך אַרקינען אַ ציגאַר און פאָרשנדיק אַ פרעג געטאָן:

— דו מעגסט רויכערן ?

— עט, ווערליק איך פיל, האָב איך שוין ניט וואָס צו פאַרלירן — האָט אַרקין מיט אַ מאָדנעם שמייכל געענטפערט — נו, מילא, זאָל זיין אַזוי, אָט וועל איך פאַררויכערן.

— און דו ביילקע — האָט אָנקל הערמאַן, נאָך אַ ווײַלע שווייגן און קייענדיק דעם ציגאַר אין מויל איר פּלוצים אַ פרעג געטאָן — וואָס, דו ווילסט טאַקע אויף אַן אמתן פאַרלאָזן די שטאָט און ווערן אַ פאַרמערקע. אויף אַ פּאַרם איז זייער און זייער אומעטיק.

ביילקעס פּנים האָט זיך גענומען רויטלען, זי האָט אַרונטערגעלאָזן די אויגן, געשוויגן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך פּלוצים פאַרשעמט.

אָנקל הערמאַן האָט מער גאָרניט געפרעגט, געקוקט מיט אַ פאָרשנדן בליק אויף ביילקען, אויף אַרקינען, געקוקט מיט זיינע

טיף־דורכשטעכנדיקע גרויע אויגן, געדרייט מיט זיין פוכקע ווייסע האַנט די עטוואָס גרויליכע וואָנצעס, געקוקט אויף זיי און גע־שוויגן.

***

אין עטלעכע וואָכן אַרום זענען שוין אַרקין מיט זיין פרוי געווען אויפן פּאַרם. ביילקע האָט זיך גלייך גאַנץ שטאַרק גענומען צו דער אַרבעט. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט זי כמעט ווי אַלץ איינגעשטעלט. זי האָט אויסגעריייניקט דאָס הויז, אויפגעראַמט די צימערן, אַלץ האָט געשיינט און געגלאַנצט, צו וואָס זי האָט נאָר צוגעלייגט אירע פלינקע גאָלדענע הענט. אויך אַרקין האָט דאָ גענומען פילן אַ ביסל פרייליכער, לעבעדיקער פון די ליכטיקע הימלען און די זוניקע פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן פאַר מיילן און מיילן, ווי אַ חלום געשוואומען פאַר זיינע אויגן, באַ־צירט מיט אַלערליי קאָלירן, מיט בלומען און געוויקסן. די פרוכט־ביימער, וואָס זענען געשטאַנען צעוואָרפן אַרום הויז מיט זייערע אַלטע צעשפרייטע צווייגן אָנגעשפּאַרט אויף דער ערד, האָבן צו אים, צו אַרקינען סודותדיק אָן ווערטער גערעדט:

— דו זעסט, אָט דאָ אויפן פּאַרם קען מען לעבן און לעבן, אַלט ווערן און אָנשפּאַרן זיך אויף דער מוטער־ערד און ווייטער לעבן.

זיין שווערער הוסט, וואָס האָט אים פאַרפאָלגט פאַר די לעצטע מאָנאַטן, איז איצט עטוואָס לייכטער געוואָרן און זיינע טרוקענע שפּיציקע אַקסלען, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון זיין דינער אויסגעבויגענער פלייצע, האָבן זיך עטוואָס אויסגעגליכן.

אַרקין און זיין פרוי האָבן געדונגען אַן אַרבעטער, אַ פּאָליאַק, ער זאָל זיי אַרויסהעלפן אויף דער פּאַרם. דער אַרבעטער האָט זיך גלייך גענומען צו דער באַלעבאַטישקייט: פאַרריכט און אויסגע־ריייניקט דעם „באַרן", פאַרריכט דעם צאַם אַרום הויף און אָפּגע־

טאָן אַנדערע נויטיקע אַרבעטן. אַרקין איז מיט אים געפאָרן אין דעם נאָענטסטן שטעטל, געקויפט אַ ביסל געצייג, וואָס זענען נייטיק אויפן פאַרם און האָט אויך געקויפט אַ קו, אַ פּאָר הינער און עטלעכע קאַטשקעס.

מיט אַ מאָדנער אומבאַשרייבלעכער פרייד האָט אַרקין אַריינ־געפירט די קו אין שטאַל, אַ גלעט געטאָן איר אַ פּאָר מאָל צווישן די הערנער און אַ זאָג געטאָן צו איר, צו דער קו אויף יידיש: — אָט דאָ בהמה ביי אַ קראַנקן יידן וועט זיין דיין היים. — אויך די קאַטשקעס און די עטלעכע הינער מיט דעם גרויסן רויטן האָן האָט ער מיט פרייד אין אַ ווינקל פון באַרן באַ־זעצט.

אַ שטיק פעלד האָט מאַיק, דער פּוילישער אַרבעטער, אויפ־געגראָבן, אַ גאָרטן געמאַכט, רעטעך און ציבעלעס, בעבלעך און בוריקעס, ברוטשקע און מערן פאַרזייט.

גלייך מיט מאַיקן האָט אַרקין גענומען אויפשטיין, כאָטש צייטנווייז פלעגט אים דער אויפשטיין גאַנץ פרי אָנקומען זייער שווער.

ער מאַיק, פלעגט מאַכן דעם אויוון, גיין אין שטאַל געבן עסן דער קו, אויסמעלקן און אַרויספירן אויפן פּאַשע, און זיך צעשיילטן פלוצלונג, נעמען שילטן הויך אויפן קול דעם רויטן האָן. וואָרים ער איז אַזוי צעלאָזן, אַ ביסל אַ הולטאַי, אַ באָם. פלעגט ער פאַרשרייען אין פּויליש, דער טייוול זאָל אים נעמען. און אויסשפּייענדיק די קיי־טאַבאַקע, וואָס ער פלעגט שטענדיק האַלטן אין מויל, פלעגט ער אין הויז אַריינקומען, העלפן ביילקען אין קיך אויך אויפראַמען די צימערן פון די עטלעכע באָרדערס וואָס זיי האָבן איצט געהאַט און אַוועקגיין אַרבעטן אויפן גאָרטן.

אין זונטיק פלעגט מאַיק פריילעך מאַכן די געסט. ער פלעגט מאַכן שפּאַס, אָנשמירן דעם פּנים מיט סאַזשע, זיך פאַרשטעלן פאַר אַ נעגער, מאַכן אַלערליי קונצן. אַמאָל, ווען ער פלעגט זיין זייער אויפגעלייגט, איבערהויפּט ווען די יונגע מיסעס אַסאָנאָוו פלעגט

אים בעטן, פלעגט ער זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ציגיינערקע, זינגען ציגיינער לידלעך און טאַנצן אַ ציגיינערישן טאַנץ. די עטלעכע באָרדערס און באָרדערקעס פלעגן אָנקוועלן פון זיין זינגען און טאַנצן.

— אַ חברה־מאַן — פלעגט דער אַלטער יאָסל, איינער פון די באָרדערס מיט אַ שווערן יאַדישליוון הוסט, אַ זאָג טאָן, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם פון געלעכטער — ווי איך בין אַ ייד, איך וועל ניט אויסהאַלטן פון מאַיקן, פון זיינע טריקס.

אַמאָל פלעגט מאַיק פלוצים אין מיטן פון זיינע קונצן זיך צושאַרן צו דער יונגער פעטער מיסעס אַסאַנאָוו.

— גיב מיר דיין האַנט, מיסעסל, — פלעגט ער אַ זאָג טאָן אין אַ צעבראָכענעם יידיש — איך וועל דיר פאָראויסזאָגן דיין צו־קונפט — פלעגט מאַיק מיט זיין מעלאָדישער שטימע פאַרענדיקן אין פּויליש. — איך קען לייענען דיין האַנט. אַ ציגיינערטע האָט מיר אַמאָל אין די „אָלד קאָונטרי" אויסגעלערנט צו פאַרשטיין די פאַרשיידענע פאַסיקלעך אויף דער האַנט.

די פעטע מיסעס אַסאַנאָוו פלעגט זיך נעמען אָפּרוקן פון אים. — אַ מכה דיר, אַ מכה דיר מאַיק — פלעגט זי הויך אַ זאָג טאָן — וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס טשעפּעסטו זיך צו מיר.

— גיט אים די האַנט, וואָס האָט איר מורא — פלעגט יאָסל דער יאַדישליוועך, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם פון געלעכטער, אַ זאָג טאָן — וואָס האָט איר מורא, ער וועט אייך ניט אָפּבייסן.

מיסעס אַנסאַנאָוו פלעגט בלייבן שטיין אויפגערעגט אין מיטן צימער, קוקן מיט מאָדנע אויגן אויף דעם הויכן, בלאָנדן יונגן מאַיקן און פלוצים אַ זאָג טאָן:

— נאַ, מאַיק, אַ מכה אין דיר, נאַ דיר מיין האַנט, קוק!

מאַיק פלעגט אַריינגעמען איר קליינע פעטע האַנט, קוקן אויף דער האַנט און אַ קוק טאָן אויף מיסעס אַסאַנאָוו און אַ זאָג טאָן הויך אויפן קול:

— אויף דיין האַנט ווייזט, אַז דו וועסט מיט דיין אַלטן מאַן קיין קינדער ניט האָבן.

— איין מכּה איז דיר ווייניק — פּלעגט די מיסעס אַסאַנאָוו אַ זאָג טאָן צו מאַיקן, אַרויסרייסנדיק איר האַנט פון אים — איין מכּה איז דיר ווייניק.

אַרקין פּלעגט כּמעט דעם גאַנצן טאָג פאַרברענגען אין דרויסן. שעהן לאַנג פּלעגט ער שטיין און אַרבעטן אין גאָרטן, ווייך מאַכן די ערד, אַרויסרייסן די ווילדע גראָזן, אַרומשיטן די בעבלעך און די יונגע פלאַנצן. צייטנווייז, שטייענדיק אין גאָרטן, פּלעגט זיך אים דאַכטן, אַז ער איז צוריק געוואָרן אַ ייִנגל. אָט איז ער אין דער אַלטער היים אין דאָרף אַרום מיל. ער אַרבעט אין זייער גרויסן גאָרטן. אָט קומט צו זיין זיידע, לייבקע דער לאַנגער האָבן אים די שטעטלדיקע יידן גערופן, אַ הויכער דאַרער ייד, אַ פּנים אַ לאַנגער, אַן אויסגעבויגענער, אַ שפּיציקע מאָרדע באַוואַקסן מיט אַ לאַנגער שמאָלער באָרד. די באָרד איז געוואַקסן אַרויף צום פּנים, פּונקט ווי זי, די באָרד, וואָלט געוואָלט אַריינקוקן אין פּנים פון איר באַלעבאָס, וואו זי וואַקסט שוין אַזויפיל יאָרן. דער זיידע גיט אַ גלעט מיט זיינע לאַנגע שווערע הענט זיין דינע גרויע בערדל, ווישט אָפּ מיט דער פּאָלע פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע זיין פאַרשוויצטן פּנים, קוקט אויף אים ווי ער אַרבעט אין גאָרטן, קנייטשט דעם שטערן און טשמאָקטשעט צו אים מיט די ליפּן.

— זע — גיט ער פּלוצים אַ זאָג, — זע, ווי דו טוסט די אַרבעט, ווי דו שאַרסט אַרום די ערד אַרום די גרינסן, מאַך דאָס פּאַמעלעך, אייל זיך ניט, צערייס ניט די וואָרצלען פון די בעבלעך.

דער זיידע נעמט אויך אַ קליינע לאָפּעטקע אין האַנט, שאַרט אויך אַרום די ערד אַרום די פלאַנצן. די לאַנגע ציצות פון זיין טלית קטן כאַפּן זיך אַרויס פון זיין קאַפּאָטע און פּלאָנטערן זיך איין אין דער לאָפּעטקע, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן ניט וועלן דער־

לאָזן, אַזוי ווי דער טלית קטן וואָלט זיך געשעמט, וואָס אַן אַלטער ייד, אַ זיידע, טוט אַזאַ פּראָסטע גוישע אַרבעט.

ניט איינמאָל פּלעגט ביילקע דורך דעם טאָג איבערלאָזן איר אַרבעט אין הויז און אַרויסגיין זוכן איר מאַן און געפינענדיק אים אין גאָרטן, פּלעגט זי זיך צעבייזערן אויף אים, וואָרום ער ווערט שטענדיק פאַרפאַלן פון הויז, וואָרום ער רוט בעסער ניט מער.

— וואָס ליגסטו שטענדיק אין גאָרטן, לאָז דעם גאָרטן איבער צו מאַיקן, ער וועט שוין אויף דעם אַכטונג געבן, ער האָט גענוג כח, אַחוץ דעם קריגט ער באַצאָלט דערפאַר, זאָל ער דאָס טאָן. אַזאַ סאָרט אַרבעט איז ניט פאַר דיינע כחות, ווייניק הוסטו גאַנצע נעכט. דו מעגסט זיך שעמען, אַרקין, דו פירסט זיך אויף ווי אַ קינד, רק דו ווערסט ניט פון הויז. איך דאַרף נאָכאַנאַנד אַרומלויפן דיר זוכן. איך זאָג דיר אָבער, אַז איצט איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך בין געקומען דיר זוכן. פון היינט אָן לאָז איך דיר צורו, וועסט טאָן ווי דו ווילסט, טאָקע מער קיין אַרבעט האָב איך ניט, ווי נאָר אַרומלויפן איבערן פעלד דיר זוכן, היטן דיר.

אַרקין פלעגט בלייבן שטיין, קוקן אויף איר מיט זיינע פּיבערישע, צעשראָקענע אויגן, ניט וויסן וואָס איר צו ענטפערן.

— איך ווייס אַליין ניט — פלעגט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן נעמען שטאַמלען, איך ווייס אַליין ניט, עס ציט מיר עפּעס אַהער, עס דאַכט זיך מיר, ווען איך טו עפּעס ווערט מיר לייכטער.

— דיר פאַרדריסט, קענטיק, אַז דו דאַרפסט ניט ליגן אין בעט, ציט דאָס דיר אַהער צו לאָזן דאָ אין גאָרטן דיינע לעצטע כחות.

אַרקין אויסהערנדיק אירע רייד, פלעגט בלייבן שטיין אַן אומעטיקער, פאַרזאָרגט און שווייגן. ער פלעגט זיך אָנשפּאַרן אויף דער לאָפּאַטע, קוקן מיט זיינע פון הוסט אָנגעשוואָלענע אויגן ערגעץ אין דער ווייט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געזען אין יענעם

גאָרטן, וואו זיין זיידע, לייבקע דער לאַנגער, איז געשטאַנען מיט אַ לאָפּעטע לעבן אים, און ער, אַרקין, האָט זיך פּלוצים דערפילט אַזוי קליין, אַזוי עלנט. די לאָפּעטע, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט, האָט זיך גענומען טרייסלען. אַרקינס שפּיציקע אַקסלען האָבן אויפגעציטערט.

— דו ווייסט — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו ביילקען, ווען זי האָט זיך אומגעדרייט און געלאָזן אַוועקגיין פון אים — דו ווייסט וואָרום מיר ציט אַהער צום גאָרטן? איך וועל דיר אויסזאָגן דעם סוד: ערד ציט צו ערד, שטויב ציט צו שטויב.

## עלפטער קאַפּיטל

די וואַרעמע טעג זענען שנעל פאַרשוואונדן. דער זומער האָט זיך געגומען פּאַקן אין וועג. די עטלעכע באָרדערס און באָרדער־קעס, וואָס האָבן פריילעך געמאַכט דאָס הויז, זענען זיך צעפאָרן. שטיל, אומעטיק, אויסגעליידיקט איז געוואָרן דאָס הויז. די טעג האָבן גענומען הענגען אין דער לופטן אַזעלכע פאַרקלערטע און אומעטיקע און די נעכט זענען געוואָרן לאַנגע, אויסגעצויגענע און פינצטערע. דער אומעטיקער האַרבסט האָט גענומען אויף אַלץ קריכן, פּאַמעלעך מיט שטילע טריט, ווי אַ גנב, האָט ער זיך גענומען שאַרן אויפן לאַנד, ער, דער אָסיען, האָט צעטראָטן מיט זיינע גנבהשע טריט די גראָזן, פאַרגעלט די גרינע קוסטעס, פאַר־וויאַנעט די בלומען און שטילערהייט גענומען וואַרפן די בלעטער פון די ביימער. אַלץ האָט גענומען ווערן הויל. איבער דעם זומערדיקן בלויען הימל האָט ער, דער האַרבסט, ווי אַן אַלטע קאָלדרע פאַרשפּרייט שוואַרצע גראָבע וואָלקנס, ווי שטיקער וואַ־טע פון אַן אַלטן צעריסענעם בגד, האָט ער אויסגעשפּרייט אין דער הויך. אַ פוילער אָסיענדיקער רעגן האָט גענומען גיסן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט וועט שוין בלייבן אַ נאַסע אויף אייביק, אַז זי וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אויסטריקענען. דער ווינט איז אויך געקומען מיט זיין גאַנצער קראַפט און האָט געהאַלטן אין איין קלאַפּן אין די לויזע פענצטער, האָט זיך געריסן דורך דער טיר און דורך דעם אַלטן קוימען אַריינצוקומען אין הויז.

אומעטיקער און אומעטיקער האָט גענומען ווערן אויפן פאַרם. מחנות פייגעלעך האָבן גענומען איילנדיק זיך צעלויפן, איבער־

לאָזן די נעסטן הפקר אויף די הוילע צווייגן. זיי זענען געפלויגן מיט געוואַלדן און געשרייען, אַזוי ווי זיי וואָלטן מיט זייערע גע־שרייען געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן די מענטשן, אויף דעם לאַנגן שווערן ווינטער וואָס קומט באַלד אָן.

דער שוואַרצער, שווערער מיט וואָלקנס אָנגעלאָדענער הימל האָט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער געבוגן אַרונטער־לאָזן צו דער ערד. עס האָט זיך געוואונען דאַכטן אַז אָט־אָט און הימל און ערד קומען זיך צונויף, קומען זיך צוזאַמען, נעמען זיך אַרום ווי צוויי אַלטע באַקאַנטע, וואָס זענען מיט יאָרן און יאָרן צוריק צעשיידט געוואָרן פון אַ בייזער האַנט און איצט נעמען זיי זיך אַרום, דריקן זיך איינס צום צווייטן און ווערן צוריק איינס.

מאַיק דער פּאָליאַק האָט גענומען אַרומגיין אויפן פּאַרם אָן אומעטיקער, אַ פּאַרטראַכטער, קוקן נאָכאַנאַנד אויפן גרויען הימל, אויף די הוילע ביימער און שאָקלען זיין גרויסע מיט די בלאָנדע האָר באַוואַקסענע קאָפּ.

— אַ שווערער ווינטער קומט אָן — האָט ער נאָכאַנאַנד גערעדט — די אַלע קליינע וואַלד־חיות זענען מיט זייער דיקע האָר באַוואַקסן, עס וועט זיין אַ שווערער ווינטער.

— אוי, באַלעבאַסטע — פלעגט מאַיק אויפן קול אַ זאָג טאָן צו ביילקען, איינעסנדיק זיך מיט זיינע גרויע אויגן אין איר פולן פאַרשפּיליעטן בוזעם, וואָס פלעגט ווי אַ שטראָם פון ווייב־לעכקייט זיך גיסן פון דאָרט — אוי, באַלעבאָסטע, ווינטער צו זיין אַליין איז ניט גוט, צו אומעטיק. מיר וואָלטן גאָר באַ־דאַרפט האָבן באָרדערס ווינטער, זומער וואָלט מען געקענט אויסקומען אָן זיי, עס וואָלט געווען פריילעך אָן זיי אויך.

אויך ביילקע האָט זיך פלוצים איבערגעביטן, געוואָרן אומ־מעטיק, פאַרטראַכט, אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן גענומען קוקן מיט שרעק אויף אַרקינען ווי ער גייט איין, הערנדיק טאָג און נאַכט זיין שווערן דומפיקן הוסט. ס'האָבן אויך אויף איר

שלעכט געווירקט די אומעטיקע בריוו, וואָס זי האָט דערהאַלטן די לעצטע צייט פון איר אָנקל הערמאַן פון אַריזאָנאַ. ער שרייבט איר, אַז די טאַנטע דאָרע פילט ניט בעסער. די דאָקטוירים גיבן גאַנץ ווייניק האָפענונג, זיי זאָגן, מ׳מעג זיך ריכטן, יעדן טאָג זאָל קומען דער סוף. אין זיין לעצטן בריוו, שרייבט דער אָנקל, אַז ער וואָלט גענומען די טאַנטע און די נוירס און גע־פאָרן צוריק קיין ניו יאָרק, נאָר ער האָט מורא, זי זאָל ניט שטאַרבן אויפן וועג.

עפּעס מאָדנע געפילן האָבן זיך גענומען דערוועקן ביי בייל־קען אין האַרצן. געדאַנקען בייזע, וואָס זי וואָלט זייער ניט געוואָלט פון זיי טראַכטן, קומען נאָכאַנאַנד אין איר מח און לאָזן איר ניט רוען.

טאַנטע דאָרע וועט באַלד שטאַרבן, פּלעגט זי ביילקע, אַמאָל פּלוצלונג מיט דעם געדאַנק צעשראָקן בלייבן שטיין אין מיטן הויז, איר לעצטע טאַנטע, איר מאַמעס יינגסטע שוועסטער, און אויך אַרקין, פּלעגט ביי איר ניט ווילנדיק דורכלויפן אַ געדאַנק, שנעל, ווי אַ בליק, און פאַרשווינדן, אָנקל הערמאַן וועט בלייבן אַליין און זי...

ניט איינמאָל האָט זי, ביילקע, ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זי וועט גאָר פאַרקויפן די בהמה, די קאַטשקעס, די הינער, פאַר־שליסן דאָס הויז און אַוועקפאָרן אויף ווינטער אין שטאָט. צו וואָס פּלאָגן איר אַכט יאָריקע טאָכטער, ראָזעלען, און זיך אַליין אַזאַ לאַנגן ווינטער אויפן פאַרם. לויט דעם היגן דאָקטאָר׳ס רייד, וועט שוין דאָס זיין אויפן פאַרם אַרקינען במילא ניט העלפן. בעסער פאָרן מיט אים אין שטאָט, זאָל ער דאָרטן שטאַרבן צווישן יידן.

אַ פּאָר מאָל האָט ביילקע געפּרואווט ריידן מיט אַרקינען וועגן אַריבערקלייבן זיך אין שטאָט, אָנגעבנדיק אַז זי וויל דאָס טאָן צוליב ראָזעלען. — אַ רחמנות אויף איר — פּלעגט ביילקע אַ זאָג טאָן — זי האָט זיך נעבעך ניט וואו אַהינצוטאָן, האָט ניט

מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורייידן, האָט ניט מיט וועמען זיך צו שפּילן. ס׳איז אָבער מאַיק און ווידער מאַיק, ער, דער פּאָליאַק איז איר חבר.

אַרקין אָבער האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צו אירע רייד.

— „נעווערמאַינד" ראָזעלע — האָט ער אַ זאָג געטאָן — זי וועט דאָ זיין אַלרייט. דו הערסט ביילקע — האָט ער שאָקלענדיק דעם קאָפּ הין און צוריק אַ זאָג געטאָן — אַט דאָ אויפן פאַרם וועל איך בלייבן, אַט דאָ אויפן פאַרם וועל איך שוין שטאַרבן. נאָך מיין טויט וועסטו קענען גיין וואוהין און צו וועמען דו וועסט וועלן.

זעענדיק, אַז זי קען גאָרניט אויספירן, האָט ביילקע זיך גענומען אַיילן, זיך גרייטן צום ווינטער, וואָס וועט אינגיכן אָנ־קומען. אויך מאַיק, זייער אַרבעטער, האָט זיך פונאַנדערגעוויגלט (ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אויף פּויליש) און זיך גענומען צו דער אַרבעט, צו דער באַלעבאַטישקייט: פאַרריכט די לויז־געוואָרענע פענצטער, אָרייינגעשטעלט שויבן, צוגעקלאַפּט גומע־נע פּאַסן אַרום דער גרויסער, שווערער טיר. ער האָט זיך אויך גענומען צום קעלער: אַרייינגעשטעלט שויבן אין די צוויי פענצ־טערלעך, וואָס זענען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך, צוגע־שלאָגן זאַוויעסעס צו די טירן. ער האָט אויסגערייניקט די גרויסע גרוב, וואו מ׳האַלט די גרינסן אויף ווינטער. און האָט זיך גענומען איבערצוטראָגן דעם גאָרטן אין הויז. אויסגעגראָבן די ברוצקע, בוריקעס, מערן און געטראָגן אין קעלער, אויסגעלייגט אַ שורה מיט גרינסן און פאַרשאָטן מיט ערד, ווידער אַ שורה און ווידער פאַרשאָטן מיט ערד, ביז ער האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן קעלער.

מ׳האָט זיך אויך גענומען אָנגרייטן פּרוכט אויפן ווינטער: פּרעגלען באַרן, פּרעזערווירן אַנדערע פּרוכטן און טריקענען עפּל.. אַ גרויסער טאָפּ מיט הייסע צעלאָזענע צוקער איז אויפן טיש אָוועקגעשטעלט געוואָרן און פון גרויטן קעסל וואָס איז געשטאַ־

נען אויפן איווון האָט זיך אַ פּאָרע צום סופיט געהויבן. מיט הויך פּאַרקאַשערטע אַרבל איז ביילקע געשטאַנען לעבן קעסל, געטונקט די גלעזערנע סלאָיעס אין די זודיקע קאָכיקע וואַסער און אַרויסגעצויגן זיי מיט אַ גרויסע הילצערנע לעפל.

מאַיק איז געזעסן אויבנאָן ביים טיש, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פאַרטוך, מיט אַ גרויסן מעסער אין האַנט און געשיילט די פרוכט. אויך די קליינע ראָזעלע האָט אַרויסגעהאָלפן. זי איז געשטאַנען ביים טיש און צעשטעלט די הייסע סלאָיעס, וואָס די מאַמע האָט אַרויסגענומען פון דעם קאָכיקן וואַסער, אין גליי־כע שורות. ביילקע האָט מיט גרויסן הילצערנעם לעפל געטיילט די סיראָפּ, געגאָסן צו צוויי לעפל סיראָפּ אין יעדן סלאָי און מאַיק האָט אָנגעפילט יעדן סלאָי מיט אָפּגעשיילטע פרוכט. דערנאָך האָט ער יעדן סלאָי צוגעדעקט מיט אַ דעקל, פאַרדרייט פעסט, מיט זיין גאַנצן כוח, קיין לופט זאָל ניט אַריין.

טעג נאָכאַנאַנד האָט מען גאַנץ פלייסיק געאַרבעט. ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן, זענען אַלע פּאָליצעס אין קעלער פול געוואָרן מיט סלאָיעס מיט איינגעמאַכץ און אַנדערע פּרעזערוויר־טע פרוכטן.

— נאָר אַ חזיר פעלט אונדז — האָט מאַיק, צעשטעלנ־דיק די סלאָיעס מיט געפּרעגלטע פרוכטן אין קעלער, אַ זאָג גע־טאָן — געדאַרפט, באַלעבאָס, אויסהאָדעווען אַ חזיר. וואָלט איך אים איצט געקוילעט און מיר וואָלטן געהאַט פלייש אויפן גאַנצן ווינטער.

אַרקין האָט קרענקלעך אַ שמייכל געטאָן, אַ קוק געטאָן אויף מאַיקן און זיך פּלוצים שווער פאַרהוסט. — אַ גוי — האָט ער נאָך זיין אויסהוסטן זיך שטילערהייט ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן — אַ גוי בלייבט אַ גוי!

## צוועלפטער קאַפּיטל

טעג נאָך טעג האָבן זיך גענומען גליטשן, וואָכן נאָך וואָכן האָבן זיך גענומען קייקלען, דער ווינטער מיט זיינע שווערע טריט איז אָנגעקומען. אַ קאַלטער, אַ טרוקענער, אָן שנייען און אָן שטורעם, שטילערהייט אין דער שפּעטקייט פון דער נאַכט איז ער אָנגעקומען. ער האָט זיך מיט ברייטקייט, מיט פראָסט אויסגעלייגט אויף דער פייכטער, קאַלטער ערד, באַזילבערט די גרינע נאָדלען פון די עטלעכע ביימער, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ קופּקע אַרום דעם „באַרן". ביינאַכט, ווען אַרקין האָט אַרויסגעקוקט דורך די פאַרפראָרענע פענצטער, האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַ גרופּע יידן מיט בערד האָבן פון ערגעץ־וואו פאַרבלאָנדזשעט אַהער און זיך אַוועקגעשטעלט דאַוונען אַ פאַרשפּעטיקטן מעריב.

קיין סך אַרבעט איז איצט אויפן פאַרם ניט געווען. מאַיק פלעגט זיך אַרומדרייען גאַנצע טעג איבערן גרויסן הויף און ניט געהאַט וואָס צו טאָן. אַמאָל פלעגט ער נעמען זיין ביקס, אַוועקגיין אין וואַלד און קומען צוריק מיט אַ געשאָסענעם קראָליק אָדער אַן ערד־חזיר. ער, מאַיק, פלעגט קווענקלען דעם גאַנצן וועג גייענדיק פון וואַלד, קוקנדיק אויף דעם געשאָסענעם ערד־חזיר, וואָס ער פלעגט טראָגן אַהיים. — דו וועסט שוין דעם זומער ניט קריכן אין גאָרטן — פלעגט ער שפּאַסיק אַ הויב טאָן דעם ערד־חזירס קאָפּ — האַ, דו וועסט שוין ניט קריכן צו די קרויט...

אין דער פרי, ווי ער, מאַיק, פלעגט אויפשטיין, פלעגט ער מאַכן די אויוונס, געבן עסן און אויסמעלקן די קו, אויסרייניקן דעם הינער־שטאַל, אָנשעלטן דעם רויטן האָן, וואָס איז

אַזוי צעבאַלעוועט. זיך אַרומדרייען איבערן הויף, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס, און מיט הילכיקע טריט אַריינגיין אין הויז, אויפוועקן ביילקען אָנקלאַפּנ־דיק אַ פּאָר מאָל אין איר צימער:

— עס איז שוין צייט, באַלעבאָסטע אויפצושטיין, עס איז שוין שפּעט. מ׳דאַרף שוין נעמען ראָזעלען אין סקול.

כאָטש די סקול איז געווען ניט זייער ווייט פון דער פאַרם, דאָך פלעגט מאַיק פירן ראָזעלען יעדן טאָג אין סקול. די אַכט יאָריקע ראָזעלע איז זייער שנעל צוגעוואוינט געוואָרן צו מאַיקן. אויך מאַיק איז געוואָרן צוגעבונדן צו איר. די אַכט יאָריקע מיידעלע איז אינגיכן געוואָרן זיין פריינט און זיין לערער. אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט האָט זי אים גענומען לערנען שרייבן, לייענען און ריידן ענגליש. גאַנץ אָפט פלעגט די לערערקע זיך צעשרייען אויף אים, טופען מיט די פיס און מיט כעס אַ זאָג טאָן:

— ווען איך וואָלט געווען איצט אַ גרויסע, וואָלט איך דיר אָנגעשלאָגן. וואָרום האָסטו אַזאַ פאַרשטאָפּטע קאָפּ? מאַיק, וואָ־רום פאַרשטייסטו ניט וואָס איך לערן דיר? שוין אַ וואָך צייט ווי דו לערנסט דעם זעלבן לעסאָן, די זעלבע בלעטל פון אַ קינ־דערשן ביכל און דו קענסט דאָס נאָך אַלץ ניט איבערלייענען. דו דאַרפסט זיך שעמען! דו ביסט אַזאַ הויכער, אַזאַ גרויסער מיט אַזעלכע גרויסע וואָנצעס. מיין „טיטשערקע״ קוקט דאָך אויס ווי אַ קינד אַנטקעגן דיר און דו קענסט ניט איבערלייענען אַזאַ קליינעם, לייכטן ענגלישן בלעטל, וואָס דאָס קלענסטע קינד ביי אונדז אין סקול לייענט דאָס איבער.

מאַיק פלעגט בלייבן זיצן פאַרשעמט, דרייען זיינע לאַנגע וואָנצעס און מאָדנע שמייכלען.

— דו ביסט טאַקע גערעכט, ראָזעלע, אָבער איך בין ניט שולדיק. איך האָב זיך קיין מאָל ניט געלערנט. צו פינף יאָר בין איך שוין געווען אַ פּאַסטוך, געפּאַשעט חזירים, פיגס, קיין

מאָל אין קיין סקול ניט געגאַנגען. אָט דער קאָפּ, פלעגט ער מיטן פינגער ווייזן אויף זיין קאָפּ איז פאַרשטאָפּט. ס׳איז שווער איצט צו פינף און דרייסיק יאָר ווערן אַ גראַמאָטנער מענטש.

שפּעטער אין אָוונט, נאָכן לערנען, פלעגט די קליינע ראָזעלע צוריק זיך איבערבעטן מיט אים, ווערן צוגעלאָזן, אַרויפּ־קריכן צו אים אויף די קני, שמייכלען און זיך טוליען צו אים, דרייען זיינע לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס.

— דו ביסט ברוגז אויף מיר, מאַיק — פלעגט זי אים אַריינקוקן אין זיינע גרויע אויגן — זיי ניט ברוגז. איך האָב דיך ליב. דו ווייסט, מאַיק, וואָרום איך שריי אויף דיר? איך וויל, דו זאָלסט זיך שנעל אויסלערנען שרייבן און לייענען. עס איז ניט שיין, עס איז מיאוס, ווען מ׳איז אַ גרויסער מאַן אַזוי ווי דו און מ׳קען ניט ריידן קיין ענגליש. עס איז מיאוס, אַז מ׳איז אַ גרינהאָרן.

— איך בין ניט ברוגז אויף דיר — פלעגט מאַיק איר פאַרזיכערן — וואָרום זאָל איך זיין ברוגז? דו ביסט אַזאַ גוטע מיידעלע, אַזאַ קלוגע, אַזאַ שיינע. איך ווייס, דו מיינסט מיין טובה, דו ווילסט איך זאָל זיך אויסלערנען ענגליש. דו מיינסט, ראָזעלע, אַז איך וויל ניט קענען, נאָר וואָס קען איך העלפן, אַז איך האָב אַ פאַרשטאָפּטע קאָפּ. איך ווייס פון וועלכער זייט אָנהויבן אַ בוים צו האַקן, איך קען אַ גרויס שטיק פעלד אין איין טאָג צעאַקערן, אַ גרויסן שווערן שטיין מיט דינאַמיט אויפּ־רייסן, איך קען אַ חזיר אָן מורא דערשטעכן. ווען איך נעם אָבער די פּען אין האַנט, דאַכט זיך אַזאַ לייכטע זאַך, דאָך הויבן מיינע גרויסע שווערע הענט אָן צו ציטערן, איך דער־שרעק זיך און ווייס ניט אויף וואָסער וועלט איך בין.

כדי צו פאַרזיכערן דער קליינער ראָזעלען, אַז ער איז אויף איר ניט ברוגז, פלעגט מאַיק אַרויסנעמען זיין גאַרמאָשקע, קוקן אויף דעם אַ ווײלע און נעמען שפּילן.

— דו גלייכסט די פּוילישע סאָנגס, ראָזעלע? — פלעגט

ער איר פּלוצים אַ פרעג טאָן, ציִענדיק די טענער לאַנגזאַם, צום טאַקט, הין און צוריק — זאָג, אויב ניט וועל איך דיר שפּילן אַנ־דערע מעלאָדיעס. איך קען אַ פּאָר אַמעריקאַנער „סאָנגס״ אויך.

ראָזעלע פּלעגט ניט ענטפערן, שווייגן, זיך טוליען צו אים, שאָקלען מיטן קאָפּ און שמייכלען. ווען ער פּלעגט אויסשפּילן פּאַר ראָזעלען אַלע זיינע לידער, וואָס ער האָט געקענט, פּלעגט ער אָוועקלייגן זיין גאַרמאָשקע אויפן טיש, דריקן ראָזעלען מיט זיין שווערער האַנט צו זיין ברוסט, דריקן איר צו זיך און אומעטיק שמייכלען.

אַמאָל, ווען די קליינע ראָזע פּלעגט אים בעטן, ער זאָל מאַכן פאַר איר קונצן, פּלעגט ער אַ רוף טאָן זיין ליבלינג, די ווייסע קאַץ. מישקאַ פּלעגט ער אים רופן.

— מישקאַ, קום אַהער, ווייז דער קליינער ראָזעלען נאָכ־אַמאָל וואָס דו קענסט — אַליין פּלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד, איינשליסן ביידע הענט איינע אין דער אַנדערער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין געגעבן שלום. דאַן פּלעגט ער אַ זאָג טאָן צו דער קאַץ: — היי, מישקאַ, קום נאָר אַהער, שפּרינג אי־בער מיינע הענט — די קאַץ פּלעגט זיך אַ צי טאָן, אויסציען איר קערפּער. עפּעס פּלעגט זיך דאַכטן, אַז זי, די קאַץ, איז גע־וואָרן נאָכאַמאָל אַזוי לאַנג ווי זי איז געווען פריער. מיט לאַנג־זאַמע טריט פּלעגט זי זיך צושאַרן צו מאַיקן, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געגרייט אַרויפשפּרינגען צו כאַפּן אַ מויז. — נו, שפּרינג שוין איבער, מישקאַ. עטלעכע מאָל פּלעגט מאַיק איבערזאָגן די זעלבע רייד: מישקאַ, שפּרינג איבער. די קאַץ פּלעגט אויף אים צום סוף אַ קוק טאָן מיט אירע קעצישע אויגן, אַ צי טאָן איר גאַנצן קערפּער און אַריבערשפּרינגען איבער זיינע איינגעשלאָ־סענע הענט.

אַמאָל, פירנדיק ראָזעלען אין סקול, פּלעגט מאַיק איר נעמען דערציילן פון זיין אַלטער היים, ווי אַזוי מ׳לעבט דאָרטן, ווי מ׳האָדעוועט דאָרטן קינדער.

— דאָרטן ראָזעלע וואו איך בין געבאָרן געוואָרן איז ניט ווי דאָ. אין דעם עלטער פון פינף אָדער זעקס יאָר הויבט מען שוין אָן צו אַרבעטן. די קליינע קינדער דאַרפן אויפשטיין גאַנץ פרי און אַרבעטן גלייך מיט די גרויסע: נעמען די גענדז און די חזירים אין פעלד אַריין. דו וואונדערסט זיך שטענדיק, ראָזעלע, וואָרום איך האָב אַזאַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, פאַרוואָס איך קען ניט באַנעמען דאָס לערנען. ווי דו קוקסט מיר אָן, האָב איך צו פינף יאָר שוין געפּיטערט געגדז און חזירים.

— מיין עלטערער ברודער איז געשטאָרבן, ווען ער איז געווען אַ קליינער יינגל, אין דעם עלטער פון זיבן יאָר. איין טאָג איז ער געקומען פרי פון פעלד. ס׳איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי. די מאַמע, געדענק איך, האָט זיך צעשריען אויף אים:

— אַזאַ גרויסער בחור — האָט זי מיט כעס צו אים גערעדט — זאָל ניט האָבן קיין שכל. ווי לאָזט מען דאָס איבער אין פעלד אויף הפקר די געגדז און די חזירים און מ׳קומט פּלוצים אין מיטן העלן טאָג אַהיים. די חזירים וועלן זיך נאָך אַריינכאַפּן אין די פּריצישע פעלדער. דער נייער יונגער פּריץ איז דאָך אַזאַ בייזער, אַזאַ שלעכטער. ער זוכט דאָך שטענדיק אָן אויסרייד, צו וואָס זיך צו טשעפּען. מ׳וועט זיך דאָך פון אים ניט קענען אויסצאָלן. פון וועמען קען איך דערוואַרטן הילף? פון דיין קראַנקן טאַטן, וואָס ליגט שוין דריי יאָר אין בעט און קען זיך ניט רירן. האָסט ניט געקענט צוואַרטן מיט דיין קאָפּווייטיק ביז פאַרנאַכט? אָט אַ נאַרישער יונג! גיי שנעל צוריק אין פעלד און ברענג די געגדז און די חזירים אַהיים.

— מיין ברודער פראַנעק האָט געפאָלגט דער מאַמען. ער איז אַוועק אין פעלד ברענגען די געגדז און די חזירים. ער איז שוין אָבער צוריק ניט געקומען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אים אַרומגעזוכט אין פעלד. אויף מאָרגן אין דער פרי האָבן מיר אים געפונען אַ טויטן, ליגנדיק אַ צונויפגעדרייטער אונטער אַ קוסט.

מיט אָפענע אויגן און מיט אַ צעקרימטן מויל. ער איז נאָך קיין זיבן יאָר ניט אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן. די מאַמע פּלעגט אים אָפט דערמאָנען און ווישן אירע אויגן. אַ יאָר נאָך אַ יאָר, פּלעגט זי זאָגן, לויפט איבער. ער וואָלט שוין באַלד געווען אַ גרויסער בחור, וואָלט שוין געגאַנגען מיטן אַקער.

— די מכשפה האָט אים דערהרגעט — פּלעגט די מאַמע זיך אָפט באַקלאָגן פאַר איר שוועסטער — די מכשפה! נאָר וואָס קען איך טאָן, אַ וויסטע עלנטע פרוי, מיין מאַן, דער פאַ־ראַליזירטער קען מיר העלפן? זיך אָנהייבן מיט דער מכשפה, איך וויים — איך האָב דאָך זיי — פּלעגט זי אָנווייזן אויף מיר און מיין שוועסטער מאַריליקע — איך דאַרף זיך היטן.

— גלייך נאָך מיין ברודערס טויט, בין איך געוואָרן דער פּאַסטוך. צו קאַרגע זעקס יאָר פּלעג איך דאַרפן אויפשטיין פאַרטאָג, אַוועקגיין מיט די חזירים און געגנדז אין פעלד. אוי, ראָזעלע, פּלעג איך מורא האָבן צו זיין אַליין פאַרטאָג אין פעלד. עס פּלעגט מיר נאָכאַנאַנד זיך דאַכטן, אַז מיין טויטער ברודערל גייט נאָך הינטער מיר. אַמאָל פּלעג איך הערן הינטער זיך טריט, ווי עמעצער גייט מיר נאָך. פּלעג איך אויף שנעל זיך אַ קער טאָן, אַ קוק טאָן פון הינטן, פּלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז איך זע מיין ברודער, ווי ער קוקט מיט זיינע טויטע אָפענע אויגן אויף דער טאָרבע מיט דעם עסן, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס וועלן צונעמען ביי מיר. אַ פּאָר מאָל בין איך פאַרטאָג אַנטשלאָפן גע־וואָרן אויפן פעלד, איז טאַקע די טאָרבע מיט דעם ברויט און שטיקל חזיר ניט געוואָרן. אוי, ראָזעלע, איז געווען ביטער, ניט גוט געווען דאָרט, זייער ניט גוט.

אין די לאַנגע, אומעטיקע ווינטערדיקע נעכט פּלעגט ביילי־קע גאַנץ אָפט בלייבן זיצן מיט מאַיקן און פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. מאַיק פּלעגט נאָכאַנאַנד ריידן און ריידן, דער־ציילן איר אַלערליי מעשיות וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין זיין געגנט אין אוקראַינע מיט יאָרן און יאָרן צוריק. אויך ווי זיין

מאַמע איז געבליבן אַ יונגע אלמנה. אין דיינע יאָרן, באַלעבאָסטע, איז זי געווען ווען מיין פּאָטער איז געשטאָרבן. געווען קענטיק אַ קראַנקער, פלעגט זי, מיין מאַמע זאָגן, ווען איך האָב מיט אים חתונה געהאַט, אַזוי פיל יונגע בחורים, פלעגט זי אָפּט ריידן, און זיך באַקלאָגן פאַר איר שוועסטער, זענען נאָכגעלאָפן נאָך מיר, מיר געוואָלט נעמען ווי איך שטיי און גיי, האָב איך גראָד אויסגעקליבן אים, אַן אָרעמען, אַ קראַנקן.

— יונגע, נאַרישע קינדער יאָרן — פלעגט די מאַמע אַלעמאָל זאָגן — זיך פאַרליבט אין דעם טאַטנס גלאַנציקע קנעפּלעך, אין סאָלדאַטסקע קליידער.

— ער איז געקומען צופאָרן אין דאָרף אויף אורלויב. עס איז גאָרניט געווען צו דערקענען אים, עס איז גאָרניט געווען דער זעלבער פראַנוק. אין די צוויי יאָר האָט ער זיך אַזוי געביטן, אַז אייניקע דאָרפסלייט האָבן אים ניט דערקענט. דער אַלטער מאַזוראָוו האָט אַרונטערגעכאַפּט זיין היטל, ווען פראַנוק איז פאַרבייגעגאַנגען זיין הויז. ער האָט אים ניט דערקענט. ער האָט געמיינט, האָט דער אַלטער מאַזוראָוו געזאָגט, אַז אַ נאַטשאַלניק פון דער גרויסער שטאָט איז אַראָפּגעקומען אין דאָרף צוליב דער פריצישער גנבה, צוליב דעם פערד, וואָס מ'האָט גע־גנבעט ביים פּריץ.

— עס איז טאַקע — פלעגט די מאַמע זאָגן — שווער געווען צו דערקענען פראַנוקן. זיין טונקל גרויער שינעל מיט די גלאַנציקע קנעפּ, די גוטע שטיוול, וואָס ער האָט געטראָגן, די שוואַרצע שאַבלע מיט דער גלאַנציקער הענטל, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ ברוינעם לעדערנעם פּאַס און האָט זיך געוויגט הין און צוריק, האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף אַלעמען אין דאָרף, ס'האָט אים דערהויבן אין אַלעמענס אויגן. עפּעס ווי אַ פּריץ, ווי אַ גרויסער נאַטשאַלניק האָט ער אויסגעקוקט.

— אָבער אין גיכן נאָך מיין חתונה, האָט מיין פראַנוק גענומען קרענקען. ער האָט געקרענקט יאָרן. ער האָט זיך גע־

הײלט בײם פעלדשער, געפאָרן פילע מאָל צום דאָקטאָר אין דער גרויסער שטאָט. ס׳האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. ער איז גע־בליבן ליגן אין בעט אַ פּאַראַליזירטער, זיך אָפּגעמאַטערט עט־לעכע יאָר און איז געשטאָרבן.

ענדע זומער איז דאַן געווען ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן, איך געדענק דאָס גאַנץ גוט.

— קאָרגע זיבן יאָר בין איך דאַן אַלט געווען. מיר האָבן דאַן געגראָבן קאַרטאָפל, געווען אויפן פעלד ביז פינצטער. ווען מיר זענען געקומען אַהײם, האָבן מיר אים געטראָפן, ווי שלאָפנ־דיק ליגנדיק אויף אַ זײט, אַ טויטן. די געשוואָלענע האַנט האָט ער געהאַלטן אונטערן באַק, די אויגן ברײט אָפן, ווי בײ אַ לעבעדיקן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי ער האָלט אָנגעשטרענגט זײן בליק אויף יענעם ווינקל, וואו דאָס בילד פון גאָטס מאַמע איז געהאַנגען און אויף דעם קלײנעם פײערל, וואָס האָט שטענדיק געברענט אונטער דעם הײליקן בילד.

— מיר זענען געווען זײער אָרעם. מיר האָבן געהאַט בלויז אַ קלײן שטיקל לאַנד. וואָס מיר פלעגן אַראָפּנעמען פון פעלד, איז קוים געווען גענוג פאַר אונדזער הויזגעזינד און פאַר דער קו און די חזירים, וואָס מיר האָבן געהאַט. פּלוצים אַזאַ מין אומ־גליק: מ׳דאַרף אויסריכטן אַ טויטן. מ׳דאַרף קויפן אַ טרונע, מ׳דאַרף אָוועקשטעלן בראָנפן, פאַרבײסן, מ׳קען אַ טויטן ניט פאַרשעמען, מ׳טאָר ניט פאַרשעמען. מ׳דאַרף אויך באַצאָלן דעם גלח, געבן וואָס ניט איז אין קלויסטער פאַר זײן נשמה. איך געדענק נאָך ווי די מאַמע האָט דאַן געזאָגט: — אַ גליק, וואָס מ׳דאַרף פאַרן טויטן ניט קויפן קײן נײע קלײדער, זײנע סאָל־דאַטסקע קלײדער זענען נאָך גאַנץ. מ׳קען אים אָנטאָן זײנע אַמאָליקע פון דינסט קלײדער. נישקשה, ער וועט ניט פאַרשעמט ווערן דאָרטן אין אונדזער קײסערס קלײדער.

אַ שײנע פרוי איז געווען מײן מוטער, ניט קײן הויכע,

אָבער שיין געבויט, אַ ווייבלעכע, ווי דו, באַלעבאָסטע, אויך ווי דיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָט זי געהאַט.

— גלייך נאָך מיין פּאָטערס טויט, האָבן זיך אַ סך מענער פון אונדזער דאָרף און די דערפער אַרום גענומען שדכענען צו מיין מוטער. מ׳פלעגט אונדזער הויז באַלאַגערן. איבערהויפּט זענען צו איר צוגעשטאַנען צוויי: דער אַלטער בחור מאַזורקין און דער יונגערמאַן קרילאָוו. מאַזורקין איז געווען זייער רייך. ער האָט געהאַט אַ סך לאַנד, אַ שיינע באַלעבאַטישקייט, אַ סך פערד און בהמות.

גאַנץ אָפט, אין די קאַלטע ווינטערדיקע אויפדערנאַכטן, פלעגט מאַזורקין קומען צו אונדז מיט אַ פלאַש בראָנפן און עפּעס צובייסן. מיין מוטער פלעגט זיין זייער ניט צופרידן פון זיינע וויזיטן. אַמאָל פלעגט זי זיך צעשרייען אויף אים:

— ווער דאַרף דיין בראָנפן, ווער דאַרף דיין צובייסן? וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? פאַראַן דאַכט זיך דאָ ביי אונדז אין דאָרף גענוג יונגע מיידלעך. וואָס דאַרפסטו אַן אַלטע באָבע ווי איך?

מאַזורקין פלעגט איר ניט ענטפערן, שטיין, קוקן אויף איר, גלעטנדיק זיינע לאַנגע, ווי שפּיזן שטעכיקע, וואָנצעס און פלוצים שמייכלענדיק אַ זאָג טאָן:

— נו, גענוג צו ריידן, דערלאַנג אַ פּאָר גלעזלעך. איך וויים, איך ווייס, אַז עס איז דאָ ביי אונדז אין דאָרף פאַראַן גענוג יונגע מיידלעך, איך ווייס...

— אַמאָל שפּעט אויף דער נאַכט פלעגט קומען דער יונ־גער אַלמן קרילאָוו. די מאַמע האָט אים ווייזט אויס, ניט פיינט געהאַט. ער איז געווען זייער אַ פריילעכער יונג. ער האָט ניט געהאַט קיין צו שיינעם נאָמען אין דאָרף. ווייבלעך און מיידלעך פלעגן זיך היטן פאַר אים. טייוול פלעגט מען אים רופן. ניט איינמאָל אַריינקומענדיק צו אונדז אין הויז, ווען דער טאַטע האָט

נאָך געלעבט, פלעגט ער אָנכאַפּן דער מאַמען און זיך נעמען מיט איר דרייען איבערן הויז.

— אַך, דו טייוול איינער — פלעגט די מאַמע נעמען שרייען און זיך רייסן פון זיינע הענט — וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס פאַרדרייסטו מיר מיין קאָפּ?

— אַלץ וואָלט זיך אויסגעלאָזן גוט, ווען ניט אָט דער טייוול קרילאָוו. די חתונה מיט דעם רייכן מאַזורקין, האָט די מאַמע אָפּגעלייגט אויפן סוף פון ווינטער. דער אַלטער בחור מאַזורקין איז פון דעם שטאַרק ניט געווען צופרידן.

— וואָרום, מאַרושקאַ — האָט מאַזורקין גערעדט צו איר און זיך געבעטן — וואָרום ניט חתונה האָבן איצט. ס׳איז אַזאַ לאַנגער ווינטער, די נעכט זענען אַזעלכע לאַנגע און קאַלטע. צוליב וואָס ליגן אַליין אויפן אויוון.

— אַלע אין דאָרף האָבן שוין געוואוסט און געווען צופרידן, וואָס די מאַמע וועט מער ניט האָבן צו טאָן מיט דעם טייוול קריי־לאָוון. גוט האָט זי געטאָן מאַרושקאַ, האָבן אַלע גערעדט, וואָס זי האָט זיך אָפּגעטשעפּעט פון דעם הולטאַי קרילאָוון. וואָס זי גייט חתונה האָבן מיט אַזאַ איינגעפונדעוועטן באַלעבאָס, מיט דעם רייכן מאַזורקין. ער איז אַ מענטש אַ געזעצטער, ניט קיין אַרומלויפער, ער וועט זיין אַ גוטער מאַן צו איר און אַ פאָטער צו אירע צוויי עלנטע יתומים.

— אוי, דער טייוול, דער טייוול — האָט מאַיק גענומען וויגן זיין גרויסן קאָפּ הין און צוריק — „אַ מענטש טראַכט, אַז ער איז שוין אין דער הויך, קומט דער שוואַרץ יאָר, דער טייוול און שלעפּט אים אַראָפּ".

— ס׳איז מיין מאַמען ניט באַשערט געווען צו האָבן אַ גוטע היים און אויך מיר און מיין שוועסטער איז ניט באַשערט געווען צו האָדעווען זיך אויף אַ שיינעם באַלעבאַטישן שטייגער. מאַזורקין איז אַוועקגעפאָרן אין וואַלד ברענגען געהילץ, וואָס ער האָט געקויפט, צו בויען אַ נייע הויז. מיין מוטער האָט

שוין געהאַט צוגעשטימט חתונה צו האָבן מיט אים אין אַ וואָך אַרום, ניט צי וואַרטן מער. ווען מאַזורקין האָט געהאַלטן אין אַרונטערהאַקן אַ גרויסן בוים, איז דער בוים געפאַלן אויף מאַ־זורקינען און אויפן אָרט אים דערהרגעט.

— מאַזורקינס טויט האָט אַלעמען אויפגעשוידערט. אַלע אין דאָרף האָבן וואָכן נאָכאַנאַנד גערעדט און אים זייער באַדויערט. אַזאַ שטילער מענטש געווען, האָבן מענטשן גערעדט, אַ שיינער באַ־לעבאָס, אַ האָרעפּאַשניק. ער איז ניט געווען קיין שיכור, זיך ניט געטשעפּעט צו ווייבער. ער איז זיך געגאַנגען שטיל, אָרנטלעך זיין וועג, קיינמאָל מיט קיינעם זיך ניט געקריגט זיך ניט גע־שלאָגן, שטיל, רואיק, יעדן איינעם אַ גוטן מאָרגן צוגעטראָגן, אַלע זונטיק דער ערשטער אין קלויסטער געקומען. אויך מיין מאַמען האָט דער גאַנצער דאָרף זייער באַדויערט. ניט באַשערט, האָבן אַלע גערעדט, מאַרושקען צו האָבן אַ גוטע היים פאַר זיך און אירע צוויי יתומים.

—אין גיכן נאָך מאַזורקינס טויט, האָט זיך מיין מו־טער אין גאַנצן געביטן. זי האָט גענומען ווערן אומעטיקער און אומעטיקער, זיך צוריקגעצויגן פון מענטשן, זיך גענומען באַ־האַלטן, געזעסן נאָכאַנאַנד אין הויז, ניט אַרויס פון שטוב. זי האָט אויך אויפגעהערט עסן, גענומען ווערן אַלץ דאַרער און דאַ־רער און דער בויך אַלץ גרעסער און גרעסער. עס האָט זיך אונדז קינדער געדאַכט, אַז איר גאַנץ פולער קערפּער האָט שנעל, אין איילעניש, זיך אַריינגעקליבן צו איר אין בויך.

— איינמאָל האָט די אַלטע מאַזורקעוויטשע, דעם טויטן מאַזורקינס מוטער, וואָס האָט געוואוינט אין עק דאָרף, מיר אָפּגעשטעלט און מיר גענומען באַהאַגלען מיט פראַגן.

— וואָס איז דער מער מיט דיין מאַמען ? וואָרום זעט מען איר ניט ? וואָרום קומט זי ניט אין קלויסטער ?

— די אַלטע האָט מיר נאָכאַנאַנד געפרעגט, דערציילט, אַז זי איז עטלעכע מאָל געווען ביי אונדז אין הויף, געוואָלט אַריינ־

גיין אין הויז, זען וואָס מ׳מאַכט. זי האָט אָבער שטענדיק גע־טראָפן די טיר פאַרשפאַרט.

— וואָס, דיין מאַמע איז רייך געוואָרן, זי האָט, קענטיק, מורא פאַר גנבים? זאָג דיין מאַמען, אַז זי דאַרף זיך ניט באַ־האַלטן. עס וועט איר ניט העלפן. קרילאָוו, דער הולטאַי, דער־ציילט, באַרימט זיך פאַר אַלעמען... זאָג דיין מאַמען, אַז עס איז ניט קיין סוד...

— ווען איך האָב דער מאַמען דערציילט, וואָס די אַלטע מאַזורקעוויטשע האָט געזאָגט, אַז דער גאַנצער דאָרף ווייס, אַז קרילאָוו וויל איצט מיט איר ניט חתונה האָבן, האָט מיין מאַמע מיר אָפּגעמאָסטן מיט איר בליק פון קאָפּ ביז די פיס, געקוקט אויף מיר אַזוי מאָדנע און געשוויגן.

— אין אַ פאָר טעג אַרום האָב איך איר געפונען אין שטאָל הענגענדיק אויף אַ שטריק. פאָליציי איז געקומען און מ׳האָט איר אַוועקגענומען. מ׳האָט געזאָגט, אַז מ׳האָט איר גע־נומען אין דער גרויסער שטאָט אויסגעפינען פון וואָס און ווי אַזוי זי איז געשטאָרבן. מ׳האָט איר אין דאָרף צוריק ניט געבראַכט און ביז היינטיקן טאָג, באַלעבאָסטע, ווייס איך ניט, וואו איז ערגעץ אַהינגעקומען מיין טויטע מאַמע.

נאָך דער מעשה, וואָס מאַיק פלעגט דערציילן פון זיין מאַמען, פלעגט ביילקע בלייבן זיצן אַן אומעטיקע, אַ פאַרטראַכטע, עס פלעגט זיך איר פלוצלונג דאַכטן, אַז מאַרושקאַ מיט איר געליבטן געפינען זיך דאָ אין צימער און מאַיקס אויגן האָבן פלוצלונג געקראָגן אַ שטאָ־לענעם גלאַנץ, שטעכן ווי מיט שפּיזן דורך איר בוזים.

שפּעט אין דער נאַכט, ליגנדיק אין בעט, פלעגט איר פלוצים באַפאַלן אַ מורא. וואָס וואָלט זי געטאָן איצט, ווען עס עפנט זיך די טיר פון איר צימער און דער פעסטער, שטאַרק געבויטער מאַיק קומט אַריין צו איר. ער איז דאָך, טראַכט זי, אַזוי שטאַרק, אַזוי געזונט, ווי אַזוי וואָלט זי אים געקענט אָפּהאַלטן, ווי אַזוי וואָלט זי זיך געקענט ווערן קעגן אַזאַ שטאַרקן יונג ווי ער. און בילדער,

אַלערליי מיאוסע סצענקעס, פון וועלכע זי שעמט זיך פאַר זיך אַליין, קריכן מיט גוואַלט אין אירע געדאַנקען, שפּיגלען זיך פאַר אירע אויגן, ברענען און צינדן איר נאַקעטן לייב, לאָזן איר ניט אָפּ.

זי קריכט פּלוצים שטילערהייד אַראָפּ פון בעט, גייט צו צו דער טיר, באַטראַכט דעם אַלטן שלאָס, נעמט שטילערהייד אַרויס דעם שליסל, וואָס שטעקט אין שלאָס און שטעקט אים אַריין צוריק. גייט מיט וואַקלדיקע טריט צוריק צום בעט, שטייט אַ ווײַלע, זעצט זיך אַוועק אַ צעשראָקענע, אַ צעטומלטע, אַ הוילע אויפן ברעג בעט.

די לבנה מיט איר מאַנסבילישן פולן פּנים און מיט אירע צוויי גרויסע אויגן האָט איצט דורכגעשוועבט פאַרביי דעם פענצטער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַזוי ווי די לבנה האָט זיך פּלוצים אָפּ־געשטעלט ביים פענצטער און מיט רחמנות געקוקט מיט אירע בייגעריקע אויגן אויף דער נאַקעטער פרוי, וואָס איז געזעסן אויפן ברעג פון בעט אַ דערשראָקענע, אַן אויפגערעגטע. עפּעס אַ טייוול האָט געריסן פון איר שטיקער פליישׁ, איר געשטויסן פון צימער, גע־טריבן, געטרייסלט איר פולן קערפּער, געצופּט אירע בריסט, גע־צונדן, געברענט איר הוילן, נאַקעטן לייב.

## דרייצנטער קאַפּיטל

טעג האָבן גענומען איינשרומפּן — געוואָרן קלענער און קלענער און די נעכט — לענגער און לענגער. פוילע קאַלטע ווינטן זענען פון אַלע זייטן געקומען און זיך אָפּגעשטעלט דאָ אויפן פּארם אָפּרוען.

ארקין האָט גענומען פילן ערגער און ערגער, דער הוסט איז געוואָרן שטאַרקער און שווערער און דער פיבער העכער און העכער. דער שטעטלדיקער דאָקטאָר, דער „יענקי", וואָס איז געבאָרן און אַלט געוואָרן אין דעם געגנט, האָט איצט אָפט גענומען קומען צו ארקינען. האָט ווידער און אָבער אים באַטראַכט, געקלאַפּט מיט די פינגער אויף אַרקינס טרוקענעם ברוסטקאַסטן, אויף די זייטן און געגלעט מיט זיין לייכטער דאָקטאָרשער האַנט זיין איינגעפאַלענעם בויך.

— אָט די מעדיצין — פלעגט ער אַ זאָג טאָן — זיך אויפהויבנדיק פון שטול — וועט זיין אַ רויטע, גיט דאָס אים דריי מאָל אַ טאָג, אויך די ווייסע קליינע פילעכלעך אויף צו שלאָפן, האָב איך דאָ ווידער פאַרשריבן, גיט דאָס אים אינדרעפרי און פאַרנאַכט. פאַרגעסט אויך ניט צו האַלטן אָפן די קליינע פענצטער ביי טאָג און ביינאַכט, האָט קיין מורא ניט פאַר אַ פאַרקילונג. —

ארקינען האָט ער געהייסן זיין רואיק, זיך ניט אויפרעגן, ניט קלערן צופיל, ווייל רואיקייט איז די בעסטע מעדיצין.

אַרויסגייענדיק פון אַרקינס צימער, פלעגט דער אַלטער דאָקטאָר בלייבן אין הויז אַ לענגערע צייט, ריידן צו ביילקען, איר פאַרזאָגן ווי אַזוי זי זאָל זיך באַגיין מיטן קראַנקן.

— איר זאָלט ניט מישן זיין בעטצייג מיט די אַנדערע, וואַשט

דאָס באַזונדער און גיסט אַריין געניג קאַרבאָליק וואַסער. נאָך אַ זאַך וויל איך, אַז איר זאָלט וויסן: ביי די סאָרט קראַנקע פּאַסירט אָפט, אַז זיי ווערן פון ידער קליייניקייט אויפגערעגט, זעט, מיידט אויס אים אויפצורעגן. איך האָף, אַז איר פאַרשטייט... זאָל בעסער אייער אַרבעטער, אַרום אים אַרומגיין.

איינמאָל, נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר איז אַוועק, האָט ביילקע דערהערט ווי ארקין רופט איר מיט זיין הייזעריקן קול. מיט שנעלע טריט און מיט אַ געמאַכטן פריילעכן פּנים, איז זי אַריין צו אים אין צימער.

— וואָס דו ווילסט עפּעס — האָט זי אים געפרעגט.

— ניין, איך וויל גאָרניט. איך וויל נאָר דיר פרעגן: זאָג מיר דעם אמת, וואָס האָסטו גערעדט מיטן דאָקטאָר וועגן מיר? הא, זאָג, וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— ער האָט געזאָגט, — האָט זי ציענדיק די ווערטער, אַזוי ווי זי וואָלט-געוואָלט דורך דעם געווינען צייט און דערווייל באַ־טראַכטן, וואָס אים צו ענטפערן — ער, דער דאָקטאָר, האָט געזאָגט, אַז אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווי נאָר ס׳וועט זיך ,איינשטעלן דער ווינטער וועסטו אָנהויבן פילן בעסער און צו זומער וועסטו ווערן אינגאַנצן געזונט. —

—דו נאַרסט מיך! — האָט אַרקין, איינעסנדיק זיך מיט זיינע פיבערישע אויגן אין איר פולן קערפּער, הויך אויפן קול מיט זיין הייזעריקייט אַ זאָג געטאָן. איר אַלע נאַרט מיך, דו און מאַיק נאַרן מיך שוין לאַנג, איצט איז נאָך צוגעקומען דער דאָקטאָר. וואָרום זאָגסטו מיר ניט דעם אמת? וואָרום זאָלסטו זיין אַזוי פאַלש צו מיר די לעצטע טעג פון מיין לעבן? דערצייל, זאָג מיר וואָס דער דאָקטאָר האָט דיר געזאָגט. איך ווייס, איך וועל אינגיכן שטאַרבן. — און איינעסנדיק זיך נאָך מער מיט זיינע פיבערישע אויגן אין איר פולן באַוועגלעכן בוזים, האָט ער הויך אויסגעשריען, און זיין קול האָט ווי מ׳קלאַפּט אין אַ בלעך געקלונגען: — זאָג, זאָג, ווען שטאַרב איך? —

פלוצים האָט ער זיך פון בעט אַ הויב געטאָן, אַ צי געטאָן זיינע טרוקענע, לאַנגע,ביינערנע הענט און איר אָנגעכאַפּט. ביילקע האָט זיך פון זיינע הענט קוים אַרויסגעריסן און מיט שרעק פון בעט זיך אָפּגערוקט.

— צום טייוול גייט — האָט ארקין, פאַלנדיק פון אויפגערעגט־קייט צוריק אין בעט, הויך מיט זיין הייזעריקן קול, קוקנדיק מיט ברענענדיקע אויגן אויף ביילקען, אויסגעשריען — צום טייוול גייט איר אַלע: דו, דער דאָקטאָר, מאַיק, אַלץ מיט אַנאַנדער!

***

קעלטער און קעלטער האָבן די קורצע טעג גענומען ווערן. שאַר־פע, שניידנדיקע ווינטן, ווי מעסערס, זענען פון די ווייטע הוילע בערג געקומען, באַפּלן די אַלטע פאַרם־הויז, אַטאַקירט פון אַלע זייטן, געקלאַפּט אין די פענצטער, געריסן מיט כעס די פעסט פאַר־מאַכטע טיר, געשטויסן, געטריבן נאָכאַנאַנד דעם רויך פון קוימען צוריק אין הויז, אַנטלאָפן מיט טומל, מיט געפּילדער צום שטאַל, געריסן און געקלאַפּט די לויזע טירן איינס אָן דעם אַנדערן, איינס אָן דעם אַנדערן. און פון די ווייטע הוילע בערג איז אַן עכאָ, אַן אָפּקלאַנג געקומען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרטן ערגעץ ווייט, גאַנץ ווייט, וואו דאָס אויג קען ניט גרייכן, קלאַפּט זיך אַ באַרג אָן אַ באַרג.

אַרקין האָט גענומען ווערן שוואַכער און שוואַכער. דער סוף, דער טויט האָט זיך גענומען דערנעענטערן מיט שנעלע טריט. ליגנדיק אין בעט אין אַ טייך שווייס, האָט זיך אים גענומען דאַכטן, אַז ער איז שוין געשטאָרבן, אַז ער ליגט שוין אין אַ נאַסן קבר. ער זעט אין די געדאַנקען דעם אָרט, וואו ער איז באַגראָבן, ער זעט דעם פעלד, וואָס זיין סאָסייעטי האָט מיט יאָרן צוריק געקויפט פאַר אַ בית־עולם. אָט דאָרטן אויף יענעם שטיק פאַרלאָזענעם פעלד איז ער שוין באַגראָבן. זיין קבר איז מיט ווילדע הויכע גראָז באַ־

וואַקסן און אַ גרויסער שטיין, אַ שווערער, עטוואָס איינגעבויגן, שטייט אויף זיין קבר. דער שטיין דריקט אים, פּרעסט אים אַזוי שווער, עס דאַכט זיך אים, אַז ער פאַנגט אָן פּלוצים צו פאַרשווינדן, צעפאַלן, ס׳ווערט פון אים אַש און שטויב. אָט פאַלט אָפּ פון זיין קערפּער די פיס, די לאַנגע ביינער פון די פיס רוקן זיך אַוועק און גראָבן זיך איין אין זאַמד; אָט פאַלן אָפּ די פינגער. ער פילט ווי עס גליטשן זיך אַרונטער די הענט, זיין בויך איז שוין לאַנג פאַר־שוואונדן, די געדערים זענען שוין אויסגעמישט מיט דער ערד, מער ניט דער קאָפּ איז נאָך גאַנץ, ליגט באַזונדער און ברענט, טוט אַזוי וויי, אַזוי וויי.

ער דערשרעקט זיך, שוידערט פּלוצים אויף, עפנט לאַנגזאַם זיינע פיבערישע אויגן, קוקט זיך אַרום מיט וואונדער, ווי אַזוי ער קומט אַהער. ער קוקט אויף דעם קליינעם האַלב־אָפענעם פענצטער, וואָס איז אַנטקעגן זיין בעט, קוקט אין אָפענעם דרויסן, אויף דעם גרויפעלדיקן שניי, וואָס פאַלט און קייקלט זיך פאַרביי דעם פענצ־טער. זיינע פיבערישע אויגן עסן זיך איין אין דעם קליינעם בית־עולם, וואָס האָט זיך בולט אַנטפּלעקט דורך דעם קליינעם אָפענעם פענצטער, וואָס דער דאָקטאָר האָט געהייסן האַלטן אָפן. דורך די הוילע נאַקעטע בוימער האָט מיטאַמאָל געוגומען אַרויסטאַרטשן די אַלטע מצבות, וואָס די אַמאָליקע פאַרמערשע משפּחה האָט דאָ מיט יאָרן און יאָרן צוריק אַוועקגעשטעלט.

שטאַרקע מענטשן האָבן זיי די ערשטע, וואָס האָבן זיך דאָ אַמאָל באַזעצט, געמוזט זיין, טראַכט ער. זיי האָבן, ווייזט אויס, פאַרן טויט ניט מורא געהאַט. אָן השגה אַביסל: געגומען און אויס־געלייגט אַ בית־עולם אַזוי נאָענט צום הויז. פּונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט דעם טויט צוגויפירן מיטן לעבן, האַלטן זיי נאָענט איינס לעבן צווייטן, אַוועקנעמען די שוידערלעכקייט פון טויט.

ס׳הויבן אָן אויפלעבן אין זיינע געדאַנקען די אַלע מעשיות, וואָס דער אַלטער ברעדוויי, האָט אים דאַן קויפנדיק די פאַרם, דער־ציילט. ווי דער געגענט איז געווען ניט קיין באַוואוינטער. פאַר

צענדליקער און צענדליקער מײלן האָט זיך ניט געפונען קײן ישוב. ס׳האָט זיך געצויגן כמעט װי אָן אַן אויפהער װאַלד און זומפּן, בערג און שטײנער. װאו ניט װאו האָט מען געקענט אָנטרעפן אינדיאַנער און װילדע חיות. ס׳איז געװען אַ געפאַר דאָ אַרױסגײן אומבאַװאָפנט.

אין דער װיסטעניש זענען געקומען מענטשן פון װײטע אומבאַקאַנטע לענדער, זיך דאָ באַזעצט, געמאַכט די װיסטעניש פאַר זײער הײם. זײ האָבן געבױט הײזער, די אײביקע װעלדער אויסגעהאַקט, די שטײנער צוזאַמענגעקליבן, צאַמען אַרום הויז און פעלד געמאַכט, װעגן אויסגעלײגט, ברונעמער געגראָבן און אויך אַ בית־עולם אויסגעלײגט. ניט שװער איז געװען פאַר די אַמאָליקע מענטשן זיך אײנצושטעלן און לעבן אויף דער װעלט. אַלץ האָט געהאַט בײ זײ אַ ציל, אַלץ האָט געהאַט בײ זײ אַן אָנהײב און אויך אַ נאַטירלעכן סוף. דער טויט האָט אויף זײ ניט אָנגעװאָרפן קײן פּחד. ער איז פאַר זײ ניט געװען דער אומבאַװאוסטער סוף. אָן שרעק און מורא זענען זײ אַװעק, נאָך אַ שװערן לעבן פון אַרבעט, רוען. אין דעם הויז, װאו זײ זענען געבאָרן געװאָרן און אָפּגעלעבט די יאָרן, אין דעם זעלביקן הויז זענען זײ געשטאָרבן. אויף דעם שטיק ערד, װאו זײ האָבן זײער גאַנצן לעבן פאַרבראַכט, װאו דאָס גרױסע שטיק פעלד, האָט זיך יאָר נאָך יאָר פאַר דורות און דורות, אין זײערע הענט געװאַרעמט, דורך זײערע פינגער, װי דורך אַ זיפּ, דורכגעגאַנגען, אָט אין דער זעלבער הײמישער אויסגעװאַרעמטער ערד זענען זײ אַװעק שלאָפן — רוען אין דעם אײביקן שלאָף.

מאַיק איז אַרײנגעקומען און האָט אים איבערגעריסן זײנע געדאַנקען.

— שוין צײט צו נעמען די מעדיצין, באַלעבאָס — האָט ער הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן.

— װאו איז דאָס די מיסעס ? — האָט אַרקין, קוקנדיק מיט פאַרשנדע בליקן אויף מאַיקן, אים אַ פרעג געטאָן.

— די מיסעס איז נאָך ניט געקומען פון סקול. היינט איז אין סקול עפּעס אַ יום־טוב, איז זי אַהין אַוועק מיט ראָזעלען —

אַרקין האָט אויסגעטרונקען די לעפל מעדיצין, וואָס מאַיק האָט אים געגעבן, אָפּגעווישט דאָס מויל מיט דעם טיכל, וואָס איז געלעגן לעבן אים אויפן שטול, געקוקט אויף מאַיקן, באַטראַכט אים, אַזוי ווי ער וואָלט אים איצט צום ערשטן מאָל דערזען דאָ אין הויז און פּלוצים אים אַ פרעג געטאָן ווי אַלט ער איז.

מאַיק האָט זיך פאַמעלעך אַוועקגעזעצט אויפן שטול, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל אַנטקעגן בעט, אַ דריי געטאָן זיינע לאַנגע שטעכעדיקע וואָנצעס און אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס? איך דענק, אַז סוף ווינטער וועט מיר ווערן דריי און דרייסיק אָדער פיר און דרייסיק יאָר. שוין אַן אַלטער בחור! —

— וואָרום האָסטו ניט חתונה, מאַיק? — דו ביסט דאָך אַזאַ געזונטער, שטאַרקער מאַן, פון דיר וועט אַ ווייב זיין צופרידן —

מאַיק האָט זיך צעשמייכלט, אַרויסגעלאָזן אַ מאָדנעם קלאַנג מיטן צונג און גענומען דערציילן אַ לאַנגע מעשה, ווי ער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק שוין געהאַלטן ביי חתונה האָבן.

— זי האָט אויסגעקוקט נישקשה פון אַ מויד — האָט ער העכער גענומען ריידן — אמת טאַקע ניט קיין זייער גרויסע פאַר־שוין, אָבער אַ ווייבלעכע, אַ יונגע, אַ געזונטע, האָט געקענט טאָן אַ סך אַרבעט. ס׳איז שוין כמעט געווען באַשטימט דער טאָג פון דער חתונה. איך האָב זיך אָבער געכאַפּט, אַז זי וועט מיר עפּעס וואָס אַ וואָך אַליין גרעבער און גרעבער. —

— איינמאָל, ווען די באַלעבאַטים, ביי וועמען זי האָט געדינט, זענען אין הויז ניט געווען, האָב איך זיך גענומען צו איר. היי, זאָג איך, מויד, וואָס איז דער מער מיט דיין בויך? זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, געקוקט אויף מיר מיט אירע אויגן ווי אַ צויג און פּלוּ־צים מיך אַרומגענומען און זיך צעכליפּעט:

— טו מיט מיר וואָס דו ווילסט — האָט זי ווײנענדיק צו מיר גענומען ריידן — טו מיט מיר, מאַיק, וואָס דו ווילסט —

— איך בין צו איר מער ניט געקומען. איך האָב איר מער קיינמאָל ניט געזען. וויבאַלד זי איז ניט קיין אָרנטלעכע, זאָל זי גיין צום טייוול. ניין, באַלעבאָס, עס טויג ניט, אין אַמעריקע זע־נען ווייבער צעלאָזן. —

***

ארקינס שלאָף איז פאַרשוואונדן, אפילו די קליינע פּילן, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן צום שלאָף, האָבן אויפגעהערט צו ווירקן. נעכט גאַנצע פלעגט ער אין זיינע געדאַנקען אַרומבלאָנדזשען אין ווייטע, ווייטע וועלטן. מאָלן זיך געשטאַלטן, בילדער פון די מענטשן, וואָס האָבן דאָ אַמאָל געלעבט, ארומגעשפּרייזט איבער דער הויז, וואָס גאַנץ אָפט אין דער שפּעטקייט פון דער נאַכט, דוכט אים, אַז ער זעט עפּעס אומבאַקאַנטע פּנימער און פּלוצים לעבן אויף אין זיינע געדאַנקען בילדער און געשטאַלטען פון זיין גרוי־סער שוין לאַנג פאַרשטאָרבענער משפּחה: זיין פאָטער, זיין מו־טער, זיינע צוויי שוועסטער, פעטערס און עלטער־פעטערס און אפילו זיין עלטער־זיידע, לייבקע דער לאַנגער, האָט מען אים גערופן אין שטעטל. עטלעכע לייבקעס זענען געווען אין זיין שטעטל און יעדער איינער האָט געהאַט אַ צונאָמען. איין לייבקע האָט געהייסן „דער זאַק", דער צווייטער — דער גאָנער און זיין זיידן האָט מען גע־רופן דער לאַנגער.

זיין זיידע האָט גאַנץ לאַנג געלעבט, היבש איבער ניינציק. דער זיידע פלעגט זיך באַרימען, אַז ער איז אין זיין גאַנצן לעבן קיינמאָל ניט קראַנק געווען. — הלואי אויף ווייטער, — פלעגט ער זאָגן — איך ווייס, עס דאַכט זיך אַמאָל, אַז מ'איז ניט מיט אַלעמען. נו, איז וואָס? גייט מען אין מרחץ, מ'וואַרעמט זיך אויס און אויב עס העלפט ניט, שטעלט מען באַנקעס און עס איז צוריק גוט —

דער זיידע פלעגט זיך וואונדערן, ניט קענען פאַרשטיין, ווי אייניקע יונגעלייט אין שטעטל באַקלאָגן זיך, אַז עס טוט זיי ווייַ יעדעס מאָל אַן אַנדער אבר.

— איך ווייס ניט — פלעגט ער הויבן די אַקסלען און זיך וואונדערן — ווי קען אַן אבר סתם ווייַ טאָן. —

אַ וואָך פאַר זיין טויט, האָט ער געזאָגט צו דער באָבען:

— דו ווייסט, מ׳דאַרף זיך שוין קענטיק נעמען גרייטן אין וועג אַריין. ער איז נאָך אַליין געגאַנגען און געבראַכט אַ סטאָליער, געהייסן אַריינשטעלן אַן אַנדער טיר, אַ העכערע. ווען די באָבע פייגע, וואָס איז ביי אים געווען די דריטע ווייב, האָט אים גע־פרעגט: —

— וואָס עפּעס פּלוצים, נאָך אַזוי פיל יאָרן, האָסטו זיך אַרומ־געזען, אַז מ׳דאַרף אַריינשטעלן אַ העכערע טיר?

האָט ער אָנגעהויבן שמייכלען און אַ גלעט טוענדיק זיין גרויע ווייסע בערדל, אַ זאָג געטאָן:

— דו פאַרשטייסט, מ׳ווערט עלטער. מ׳דאַרף זיך נעמען ריכטן, אַז מ׳וועט באַלד פון אויבן אַ רוף טאָן. נו, פרעג איך דיך, פייגע סערדצע, ווי וועט מען אויסקוקן אין לייטישע אויגן. עס וועלן קו־מען חברה קדישא, מענטשן — באַלעבאַטים, מ׳וועט מיך נעמען אַרויסטראָגן דורך דער נידעריקער טיר. זיי זענען ניט געוואוינט צו נידעריקע טירן. זיי ווייסן דאָך ניט, אַז ביי לייבקען דאַרף מען זיך איינבויגן אַרויסצוגיין פון טיר, זיי וועלן זיך דעם קאָפּ צע־שלאָגן. נו, וואָס וועט מען זאָגן: אָט אַביסל אַ שוטה, אַ נאַר, אָפּ־געזעסן אַ לעבן אין אַ הויז, וואו מ׳דאַרף זיך איינבויגן אין דרייען אַרויסצוגיין פון טיר און ניט געפונען פאַר נויטיק דאָס פאַר־ריכטן. —

אין אַ וואָך אַרום איז ער פאַרשלאָפט געוואָרן. פרייטיק דעם גאַנצן טאָג איז ער אָפּגעלעגן אין בעט. פאַר ליכט בענטשן האָט זיך די באָבע פייגע גענומען ביי אים בעטן, ער זאָל אַרויס פון בעט:

— פאָלג מיך, לייבקע, פאַרשטער ניט דעם שבת, לאָז זיך ניט אָפּ, עס טויג ניט. דו ווייסט, אַז מ׳לאָזט זיך אָפּ, ווערט מען אויף אַן אמת קראַנק. פאָלג מיך, קריך אַרויס, לייג זיך ניט אַוועק און פאַרשטער ניט דעם שבת —

דער זיידע האָט איר געפאָלגט, איז אַרויס פון בעט, מקבל שבת געווען, זיך געוואַשן, געמאַכט קידוש, טועם געווען אַביסל לאָקשן און געבענטשט. אויף מאָרגן, שבת אינדערפרי, איז ער אַליין אַרונטער פון בעט, אָנגעטאָן דעם נייעם טלית און אָפּגעדאַוונט.

— איך ווייס ניט — האָט ער בייטאָג געזאָגט צו מיין טאַטן, צו זיין זון משה מרדכי, ווען ער איז געקומען אים געוואָר ווערן — איך ווייס ניט, מיין זון, וואָס איז דער מער מיט מיר, איך האָב זיך זייער פאַרפּלאָנטערט היינט אין דעם דאַוונען.

ווען די באָבע האָט אין אָוונט געוואָלט אים איבערבעטן זיין בעט, מאַכן ווייכער זיין געלעגער, האָט ער ניט געוואָלט.

— עס איז גאַנץ ווייך — האָט ער מיט אַ מאָדנעם שמייכל אַ זאָג געטאָן — מ׳דאַרף זיך, פייגע, צוגעוואוינען צו האַרטקייט. איך האָב מורא, אַז אין קבר וועט זיין האַרטער —

שפּעט אין דער נאַכט האָט ער גענומען פילן ערגער, געבעטן מ׳זאָל רופן הירש מלמד.

— גייט רופט אים, קינדער, זאָגט אים, אַז איך בעט אים, ער זאָל קומען. איר אַלע האָט דאָך געלערנט ביי אים. איך האָב דאָך אים געצאָלט שכר־לימוד מיט די לעצטע כחות. זאָל ער קומען זאָגן מיט מיר ודוי. —

ארקינען דאַכט זיך איצט, אַז ער זעט ווי דער אַלטער הירש מלמד קומט אַריין אין הויז מיט דראָבנינקע טריט ווי אַ פויגל. ער גייט ניט, נאָר ער שפּרינגט. ער, ארקין, הערט ווי דער מלמד רעדט צו זיין זיידן, טרייסט אים, אַז ער וועט נאָך ווערן געזונט.

— שרעקט זיך ניט, ר׳ לייב, איר וועט נאָך אם ירצה השם געזונט ווערן און נאָך קלייבן מצוות און מצוות. עס טרעפט אַ

מענטש ווערט ניט מיט אַלעמען. גאָטס חסדים זענען אָבער גרויס —

דער זיידע קוקט אויף אים און שווייגט, ציט אַרויס זיין לאַנגע, דאַרע, האַריקע האַנט פון אונטערן צודעק. — איר זעט, ר׳ הירש, די נעגל זענען שוין בלוי. —

הערש מלמד קרעכצט אָפּ.

— נו, מילא, — גיט ער אַ זאָג נאָך אַ ווײַלע שווייגן, — מיר וועלן זאָגן ודוי, שאַדן קען דאָס ניט, אַמאָל איז דאָס גאָר אַ רפואה. מיין אַלטע האָט שוין געזאָגט ודוי אפשר אַ מאָל צען. —

זונטיק אינדערפרי, ווען זיינע פינף זין זענען געקומען, האָט זיין פּנים, דערזעענדיק זיי אַלעמען אַרום זיין בעט, אויפגעלויכטן און ווענדנדיק זיך צו מיין טאַטן, האָט דער זיידע מיט אַ רואיקן געלאַסענעם קול אַ זאָג געטאָן:

— דו, משה מרדכי, ביזט מיין עלטסטער זון, מיין בכור. איך וועל דיר עפּעס בעטן: גיי צו צום רב און פרעג ביי אים אַן עצה אין וועלכן טלית זאָל מען מיך מקבר זיין, אין דעם אַלטן, צי אין דעם נייעם. איך וויל דאָס זייער וויסן, איידער איך גיי אַוועק פון אייך. מיין אַלטער טלית איז זייער אָפּגענוצט, צעפליקט, צעריסן. האָב איך פאַראַיאָרן געקויפט אַ נייעם טלית, געדאַווענט אין אים בלויז שבתים און יום־טובים קיין סך מצוות האָב איך נאָך אין אים ניט אויפגעקליבן. ווייס איך איצט ניט, קינדער, וואָס אייך צו זאָגן, איך קען זיך אַליין קיין עצה ניט געבן, איך ווייס ניט וואָס מ׳טוט. זאָל איך זאָגן, אַז איר זאָלט מיר געבן דעם אַלטן טלית? איז דער אַלטער טלית אַזוי אַלט, אַזוי פיל מיט לאַטעס. ווי וועל איך אויסקוקן דאָרטן, זיך אַוועקשטעלנדיק אין דעם אַלטן טלית פאַר דעם האַר פון אַלע וועלטן, פאַר דעם מלך מלכי המלכים. ווי־דער, איר זאָלט מיר מיטגעבן בלויז דעם נייעם טלית, קען איך זיך אויך ניט באַשליסן. דעריבער, מיין זון, כאַפּ זיך צו צום רב, פרעג אים. ווי ער וועט הייסן, אַזוי זאָלט איר טאָן. איך ווייס,

אפשר וועט ער גאָר הייסן מ׳זאָל מיר מיטגעבןביידע טליתים. דאָרטן וועל איך זיך שוין אַליין אַן עצה געבן וואָס צו טאָן —

דער גאַנצער געשפּרעך, דאָס גאַנצע בילד וואַכט אויף איצט אין אַרקינס זכרון. ער זעט דאָרט דאַכט זיך איצט, ווי זיין טאַטע, משה־מרדכי, האָט אַ גלעט געטאָן זיין שוואַרצע ברייטע באָרד און זיך אויפגעשטעלט. די ברידער קוקן אויף זיין טאַטן אַביסל מיט קנאה. ס׳פאַרדריסט זיי, ווייזט אויס, וואָס זייער פאָטער האָט די לעצטע גרויסע מצוה פאַרן טויט אונטערגערוקט זיין בכור, די מצוה פון כבוד אב.

אָט זעט ער די לויה: מ׳טראָגט זיין זיידן לייבקען אַרויס פון הויז, זיין טאַטע און זיינע פעטערס, אַלע אַזעלכע שווערע געזעצטע יידן אָנגעטאָן אין הויכע שטיוול און אין לאַנגע וואַטאָווע קאָפּאָ־טעס, גייען נאָך פון וויטן הינטער דער מיטה, זיי הייבן מיט שווערקייט די פיס פון דער אָסיענדיקער בלאָטע. און אָט איז מען שוין אויפן בית־עולם. אַ קבר איז אויסגעגראָבן. זיין מאַמע האָט אים פלוצים פאַרן האַנט אָנגענומען, אַרומגעבונדן פעסטער דעם שאַליק אַרום זיין האַלדז, ער זעט דעם פרישן געלן זאַמד, וואָס איז אָנגעשאָטן לעבן קבר און אַ גראָב אייזן מיט אַ גלאַנציקע הענטל טאָרטשעט אַרויס פון דעם פרישן בערגל זאַמד.

אָט איז מען געקומען פון בית־עולם. מ׳זיצט שבעה ביי דער באָבע פייגען אין הויז. עליע משה דער טשעסלער, דעם זיידנס איינציקער איידעם, דער מומע שרהס מאַן, האָט גלייך ווי מ׳איז געקומען פון בית עולם זיך גענומען צום האַק, אַ נידעריקע באַנק געמאַכט. זיצן אַלע פינף זין אויף דער באַנק אָן שטיוול, אין זאָקן און שווייגן; וויגן די קעפּ הין און צוריק און זייערע געדיכטע גרויסע שווערע בערד שאָקלען זיך מיט. די באָבע פייגע מיט אירע צוויי טעכטער שרה און דוואָשע די גרושה זיצן אויף קעסטלעך. די באָבע פייגע זיצט אין מיטן און קוקט מיט ליבע אויף אירע פינף זין.

אָט שטעלט מען זיך דאַוונען. משה מרדכי, דער טאַטע, שטייט

ביים עמוד, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי קעסטלעך, ער איז דער בעל תפילה. די באָבע קוועלט אָן פון זיין דאַוונען. פערל, זאָגט זי, שיטן זיך פון זיין מויל. זיינע פעטערס אברהם יונה דער שמיד און נח בער דער בעל עגלה ענטפערן אמן און ברוך שמו מיט אַזאַ שטאַרקייט, מיט אַזוי פיל רישן אין דעם ברוך, אַז עס דאַכט זיך, אַז עס דונערט ערגעץ. אָט גיבן אַלע פינף זין אַ זאָג אָפּ אַ קדיש מיט אַזאַ פּאַרנעם, מיט אַזאַ ברייטקייט, אַז אַלע הימלען, דאכט זיך דער באָבען, האָבן זיך געעפנט און די שלעכטע מלאכים, די מלאכי חבלה זענען פּאַרציטערט געוואָרן. פון אַזאַ קדיש, פון אַזעלכע קיין עין הרע פינף פרומע זין באַוואַקסן מיט אַזעלכע גרויסע בערד, וועט מיין לייבקע טראַכט די באָבע אַפילו קיין חיבוט הקבר ניט ליידן.

אָפּגעדאַוונט, אָפּגעזאָגט קדיש, דער פרעמדער עולם איז זיך צעגאַנגען. די באָבע הויבט זיך אויף און גיט אַ זאָג:

— נו, קינדער, הויבט זיך אויף, שוין שפּעט, וואַשט זיך, שוין צייט צו עסן. —

ארקינס פיבערישע אויגן שמייכלען. אים דאַכט זיך, אַז ער זעט איצט ווי די פינף קינדער, אָט די פינף באַיאָרנטע יידן מיט די צוויי שוועסטער, וואָס זיצן אַן שטיוול און אין זאָקן, האָבן זיך פון דער נידעריקער באַנק אויפגעהויבן, איינער נאָך דעם אַנדערן מיט שטילע טריט צו דער פּאָס וואַסער צוגעגאַנגען, געשעפּט מיט דער קופּערנער צוויי־הענטלדיקער קענדל און זיך געוואַשן.

די אַלטע גנעשע, דער באָבעס שכנה, האָט צוויי קעסטלעך צונויפגערוקט, אַ טיש צום עסן געמאַכט, אַ ווייסע קלאָרע לייוונ־טענע טישטוך פאַרשפּרייט. אַלע פינף זין האָבן זיך צום טיש גע־זעצט: משה מרדכי, זיין טאַטע, מאַכט המוציא אויפן קול. גנעשע האָט אויף דעם אימפּראָוויזירטן טיש אַ גרויסע שיסל מיט געקעכץ אַוועקגעשטעלט. פינף הילצערנע לעפל האָבן זיך מיטאַמאָל געגנר־מען אַרונטערטונקען אין דער גרויסער ערדענער שיסל און שנעל

איז די גרויסע שיסל אויסגעליידיקט געוואָרן, פאַרשוואונדן געוואָרן די געקעכץ צווישן די גרויסע בערד און וואָנצעס.

גנעשע האָט ווידער אָנגעפילט די שיסל. די באָבע עסט ניט. זי זאָגט, אַז זי איז ניט הונגעריק. אויף דער עלטער, זאָגט זי, עסט זיך שוין ניט. זיצט זי אָנטקעגן אירע זין און קוועלט, איר פּנים שיינט. זי נעמט ניט אַרונטער די אויגן פון אירע פינף זין. עסערס קיין עין הרע, טראַכט זי, האָרעפּאַשנע מענטשן דאַרפן טאַקע עסן, זאָל זיי וואויל באַקומען. אירע ליפּן שעפּטשען: אַ שטאַרקע שטול האָב איך מיר אָנגעגרייט אין גן־עדן. מיין לייבע האָט אויסגעפירט זיין וועלט גוט, ניטאָ זיך אויף וואָס צו באַקלאָגן, מ׳טאָר ניט זינ־דיקן, דאַנקען גאָט!

אמת, טראַכט זי ווייטער — איך בין געבליבן אַן אַלמנה. אויף דער עלטער צו זיין אַליין איז ניט גוט, נאָר אייביק, טרייסט זי זיך אַליין, לעבט דאָך קיינער ניט. שטאַרבן מוז דאָך יעדער איינער, דער גרעסטער צדיק שטאַרבט דאָך. נאָר דאַנקען גאָט, ניטאָ וואָס צו זינדיקן — געלאָזן אָרנטלעכע, האָרעפּאַשנע קינדער, מיט אַזעלכע פינף קדישים אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן איבער הונ־דערט און צוואַנציק יאָר.

אָט האָט מען שוין אָפּגעגעסן, מ׳בענטשט. זיינע צוויי דאָר־פישע פעטערס, אברהם יונה און נח בער, בענטשן הויך אויפן קול, העכער פון אַלעמען. זיי שאַרן אַרונטער מיט זייערע שווערע פאַר־מאַזאָליעטע הענט די ברעקלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן עסנדיק אויף זייערע לאַנגע געדיכטע בערד.

עס פאַנגט זיך אָן אַ שמועס, אַ לאַנגער שמועס, אַ שמועס פון יענער וועלט. דער טאַטע טוט אָן די ברילן, אַזוי ווי ער וואָלט איצט גענומען אַריינקוקן אין אַ ספר. ער הויבט אָן דערציילן אַ מעשה, אַ לאַנגע מעשה פון מדרש, אַ מעשה פון יענער וועלט, ווי מ׳פירט זיך דאָרטן אויף מיט אַ טויטן, ווי עס גייט דאָרטן צו. ער דערציילט דאָס אַזוי קלאָר, אַזוי דייטלעך, מיט אַלע איינצלהייטן, אַזוי ווי ער וואָלט איצט געקומען פון דאָרטן און אַליין געזען מיט

זיינע אייגענע אויגן. און אַזוי קייטלט זיך אַ מעשה, אַ מעשה אין אַ מעשה.

דער פעטער, אברהם יונה דער שמיד, פאַנגט אָן דערציילן אַ מעשה פון דאָרף, וואָס האָט געטראָפן טאַקע מיט אים אַליין טאַקע ניט לאַנג צוריק. די מעשה איז פון אַ גוי אַ מכשף, אַ כישוף־מאַכער, וואָס האָט זיך געקענט פאַרשטעלן פאַר אַ חיה, פאַר אַ וואָלף. — איינמאָל, דערציילט דער פעטער — שטיי איך אין קוזניע און שאַרף אַ האַק. ערשט איך דערהער עפּעס אַ געשריי פון שטאַל. איך כאַפּ זיך אַרויס, דערזע איך ווי פון שטאַל לויפט אַרויס אַ וואָלף מיט אַ גאַנדז צווישן זיינע ציין. ניט קלערנדיק האָב איך אַ וואָרף געטאָן די האַק אויפן וואָלף. ערשט דער וואָלף דרייט זיך אום, גיט אַ קוק אויף מיר מיט זיינע פייערדיקע אויגן, גיט אַ כאַפּ די האַק מיט זיינע פאָדערשטע לאַפּעס און ווערט ניט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום אין מיטן ווינטער, איך שטיי אין קוזניע און שמיד אַרום אַ שליטן, קומט אַריין אַ מאָדנער, זייער באַוואַקסענער, הויכער גוי. איך האָב אים דאָ ביי אונדז אין דאָרף קיינמאָל ניט געזען. ער נעמט אַרויס פון זיין גאַרטל אַ האַק און הייסט מיר עס אָנשאַרפן. איך האָב די האַק גלייך דערקענט. די בעראָזעווע הענטל האָב איך אַליין איינמאָל אין אַן אָוונט געמאַכט. ס׳איז מיין האַק!

רוף איך זיך אָן: גויעלע, זאָג מיר דעם אמת, ווי אַזוי קומט צו דיר מיין האַק? האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אַזאַ מאָד־נעם בליק, אַז מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך זע וואָלפישע אויגן אין זיין בליק און מיט בייזקייט אַ זאָג געטאָן: — מ׳וואַרפט ניט קיין האַק, מ׳קען נאָך אַמאָל אַזוי ווענען דערהרגענען. —

און אַזוי ציט זיך און פלעכט זיך אַ מעשה אין אַ מעשה.

זיין פעטער, נח בער דער בעל עגלה, שטייט ניט אָפּ פון כלל. ער דערציילט עפּעס אַ מעשה פון אַ פערד. — איך האָב געהאַט אַמאָל אַ פערד, געקויפט אויפן מאַרק ביי אַן אַלטן ציגיינער. אַ יונגער פערד, זעקס יאָר אַלט איז ער געווען, אַ צאַצקע, אַ גאַנצע „קאַטערינע" אָוועקגעלייגט פאַר אים. געווען פייער און פלאַם, עס

האָט געברענט אונטער אים די ערד... דער שווערסטער וואָגן משא־
גאָרניט, לייג וויפיל דו ווילסט. קיין בייטש האָט מען אָבער ניט
געטאָרט ווייזן, אַפילו ניט קיין צו שטאַרקן צי מיט די לייצעס,
פייער און פלאַם — ניט זיכער מיטן לעבן. נאָר פלוצים צרות: זיך
געענדערט, געוואָרן ניט דאָס. ניט דער זעלבער פערד, אומעטיק,
אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ, פאַרלאָרן לייב, עסט ניט — שוואך גע־
וואָרן — הויט און ביינער, קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס.
פאַרלאָרן די גבורה, גאָר להבדיל ווי שמשון הגיבור. שטייט ביים
האָבער, עסט ניט, דוכנט. „נישט גוטע" „קאַפּעלישניקעס" האָבן
גענומען ביינאַכט רייטן אויף אים. יעדן פרימאָרגן פלעג איך אים
געפינען אַ פאַרשוויצטן, אַ מידן, קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס.
— ביינאַכט פלעג איך הערן ווי מיין פערד טופּעט אַרום אין
שטאַל, שטייט ניט איין, אימיצער טרייבט אים אַרום. פּילע מאָל
בין איך אַרונטער ביינאַכט אַ קוק טאָן. דער שלאָס הענגט, די שטאַל
איז פאַרשלאָסן. נאָר איינמאָל, אין אַ דאָנערשטיק איז דאָס גע־
ווען, שפּעט אין דער נאַכט, איך הער אַ שווערן טופּען פון מיין
פערד, און ווי אַ קנאַק פון אַ בייטש. איך האָב שנעל עפּעס אַרויפּ־
געכאַפּט אויף זיך און שטילערהייד מיט אַ ליכט אין האַנט אין
שטאַל אַריין. איך האָב דערזען ווי אַ ניט גוטער, אַ שד אָנגעטאָן
אין אַ קאַפּעליוש מיט אַ שווערער בייטש אין דער אָן־פינגערדיקער
האַנט, האָט געטריבן און געריטן אויפן פערד. אַ גליק נאָך, הערט
איר, וואָס איך האָב שכל געהאַט אויסשרייען „שמע ישראל". ווען
מיין ווייב האָט דערהערט מיין געשריי, איז זי אין שטאַל אַריינגע־
לאָפן. זי האָט מיך געפונען ליגנדיק אויף דער ערד אַ האַלב טויטן,
אַ געחלשטן. זי האָט מיך קוים אָפּגעראַטעוועט. דער ניט גוטער איז
שוין ניט געווען. דאָס פערד איז געשטאַנען אין מיטן שטאַל אַ נאַ־
סער, אַ מידער און האָט געטופּעט מיט די קאָפּיטעס. און געטופּעט.
אַז מאַיק איז אַריין אין צימער האָט אים ארקין גאָרניט באַ־
מערקט, ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן רוקן און געקוקט מיט
זיינע פּיבערישע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן ערגעץ אין דער ווייט, צו

יענער קליינער הייזל, וואו זיין זיידע לייבקע, האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן און אין זעלבן הייזעלע געשטאָרבן, וואו זיין טאַטע, די באָבע און אַלע זיינע פעטערס און מומעס זיצן אויף דער גרויסער נידעריקער באַנק און הערן זיך רואיק צו צו די אַלע דאָרפישע מעשיות, וואָס אייניקע פון זיינע פעטערס דערציילן, טשמאָקען מיט די ליפּן, גלעטן די בערד און שווייגן.

* * *

און שטאַרקער און שטאַרקער האָט זיך די קעלט געלאָזט פילן, און דער ווינט שטורמדיקער און בייזער, טעג נאָכאַנאַנד ניט אָפּגעלאָזן, פון אַלע זייטן זענען ווינטן געקומען און באַלאַגערט די אַלטע פאַרם־הויז, געקלאַפּט און געקייקלט נאָכאַנאַנד אַ גרויפנדיקן שניי, געשטויסן די ווענט, געריסן מיט כעס די טיר פון די זאַוויעסעס, אַנטלאָפן פון הויז מיט געשריי, מיט געפילדער צום באַרן, געפּרואווט הויבן, רייסן דעם דאַך, דעם גרויסן רויטן האָן, וואָס האָט אַרומגעשפּאַצירט אין הויף, האָט דער ווינט אויפגעהויבן, אַרויפגעזעצט אים אויפן דאַך פון באַנגעלע.

שרעק און אומעט, האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר מיילן און מיילן. בוימער מיט הוילע נאַקעטע צווייגן האָבן פון ווייטן ווי ריזיקע אָפּגעפליקטע פויגל אויסגעקוקט, שטיינער, סקאַלעס, מיט מאָך באַוואַקסענע, וואָס זענען אַ גאַנץ זומער געווען באַהאַלטן אין די הויכע גראָזן און קוסטעס, האָבן זיך איצט פּלוצים אַנטפּלעקט, ווי מצבות אויף אַן אַלטן דאָרפישן ביתעולם.

און קורצער און קורצער האָבן גענומען ווערן די טעג, און לייבגער און לייגער האָבן זיך אויסגעצויגן די נעכט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט באַלד וועט די נאַכט אַלץ איינשלינגען, און עס וועט מער ניט זיין קיין טאָג. אויס טאָג! אייביק פינצטער, אייביק נאַכט.

אַלע אין הויז האָבן זיך איצט גענומען פילן נאָך מער אומע־

טיק, נאָך מער דערשלאָגן. ארקינס שווערער הוסט, וואָס האָט נאָכאַנאַנד געהילכט אין הויז, זיין סוף, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנעענטערן און דער וויינענדיקער ווינט אין די קאַלטע פינצטערע טעג, האָט אויף אַלעמען, אויף דער גאַנצער הויז, אַנ־געוואָרפן אַ שרעק, אַ פּחד, אַן אימה.

ביילקעס גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן נאָכאַנאַנד געבלאָנדזשעט איבערן הויז, געזוכט ניט וויסנדיק וואָס. גאַנץ אָפט פלעגט זי זיך פאַרגעסן, ניט וויסן וואו זי איז אין דער וועלט, בלייבן שטיין אין אַ ווינקל אַן געדאַנקען, ווי אַ סטאַטוע. אַמאָל אַזוי חלומענדיק, פלעגט זי פאַרבלאָנדזשען צו מאַיקן אין צימער. ניט וויסנדיק וואו זי געפינט זיך, פלעגט זי זיך וואונדערן, ווען זי פלעגט פלוצים דערזען מאַיקס בילד איבערן בעט. זי פלעגט זיך וואונדערן, ווי קומט מאַיקס בילד אַהער, ווען האָט ער דאָס אויפגעהאַנגען? פלוצים פלעגט זי זיך כאַפּן וואו זי איז און זיך וואונדערן ווי אַזוי זי קומט אַהער, פלעגט רויט ווערן און אַרויסלויפן אַ פאַרשעמטע פון דאָרטן.

מאַיק האָט אויך גענומען ווערן אומעטיק, פאַרקלערט, פלעגט ריידן עפּעס צו זיך אַליין אין פוילישׁ און אויסמיידן דאָס הויז. גלייך אינדערפרי ווי ער פלעגט אויפשטיין, פלעגט ער שווייגנ־דיק, אָן רייד, אַריינגיין צו ארקינען אין צימער, פאַרריכטן זיין געלעגער און געבן אים זיין מעדיצין. ער פלעגט מאַכן די צוויי גרויסע אויוונס, אָנפילן דעם קעסל מיט וואַסער, אַריינגיין אין שטאָל געבן עסן און אויסמעלקן די קו, אַ קוק טאָן אין נעסט, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר דער „קוואָקטוכע", פאַר דער גרויסער ראַ־בער הון, וואָס זיצט אויף אייער. זען, צי עס פּיקן זיך שוין אויס הינדעלעך פון די אייער. דערנאָך פלעגט ער אויפוועקן ביילקען, אָפּעסן אָנבייסן און נעמען ראָזעלען אין סקול.

יעדעס מאָל דורכן טאָג, ווען מ'פלעגט דאַרפן ארקינען מיט עפּעס באַזאָרגן, פלעגט ביילקע אַרומלויפן און זוכן מאַיקן.

מאַיק פלעגט דעם גאַנצן טאָג כמעט פאַרברענגען אין שטאָל,

ליגן אין דער הויך אויף די היי. ניט איינמאָל ליגנדיק אַזוי אויף די היי אינדערהויך, פלעגט ביי מייקן דורכלויפן אַ געדאַנק, אַ ביי־זער געדאַנק, וואָס האָט זיך ביי אים אין מח שוין וואָכן און וואָכן געדרייט, געפּלאָנטערט און ניט אָפּגעלאָזן.

— מ'דאַרף איר, דער באַלעבאָסטע אַ נעם טאָן. נישקשה, צום סוף וועט זי זיין צופרידן. —

ער דערמאָנט זיך, ווי ער האָט אַ נעם געטאָן מיט עטלעכע יאָר צוריק זיין געוועזענע כלה.

— צום טייוול זאָל זי גיין, געוועזן אַביסל אַ מויד! ניט קיין אָרנטלעכע, מיט אַזאַ חתונה האָבן איז ניט גוט, אָבער אַ מויד! —

אין זיין צעהיצטער פאַנטאַזיע לעבט פאַר אים אויף יענע נאַכט. עס דאַכט זיך אים, אַז זיין באַלעבאָסטע איז טאַקע געראָטן אין יענער מויד. נאָר מער ניט, זי איז אַ ביסל עלטער. אויך פון איר טראָגט זיך ווייבלעכקייט ווי פון יענער מויד. ער טראַכט, אַז אַפשר וועט זיין באַלעבאָסטע ברוגז ווערן, ווען ער וועט צושטיין צו איר. נו, קלערט ער זיך, וועט זי זיך איבערבעטן. זי וועט מורא האָבן, טאָמער וועל איך איר איבערלאָזן. וואָס וועט זי טאָן דאָ אַליין אויפן פאַרם אין אַזאַ קעלט אָן הילף און אָן אַ מאַנסביל. ווי וועט זי אויסקומען אַליין מיט איר האַלב־טויטן מאַן? זי האָט דאָך מורא אַריינצוגיין צו אים אַליין. זי האָט קיינמאָל קיין ריכטיקן מאַן ניט געהאַט, לויפט ביי אים דורך אין געדאַנק. אַרקין האָט אַלעמאָל פון זיין יוגנט אָן געמוזט זיין אַ קראַנקער, אַ שוואַכער.

ניט איינמאָל, ווען ביילקע פלעגט אריינקומען אין שטאַל אים זוכן, פלעגט מאַיק אַרונטערקריכנדיק פון דערהויך אַ טראַכט טאָן, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט זיך אַ נעם צו טאָן צו זיין באַלעבאָס־טע. נאָר ביילקעס בליק, אירע שוואַרצע, גרויסע אויגן, וואָס פלעגן קוקן אויף אים מיט אַזאַ שטאַרקייט, דערמאָנענדיק אים אָן זיין מוּ־טערס אויגן, פלעגן איינצוימען זיינע ביזע געדאַנקען, פלעגן מאַכן מאַכטלאָז זיינע שטאַרקע הענט.

מאַיק פלעגט בלייבן פלוצים שטיין צעשראָקן מיט אָן אַרונ־

טערגעלאָזטן קאָפּ און מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. ער פלעגט עפּעס אָנהויבן מורמלען צו זיך אַליין אין פּויליש און איז נאָכגעגאַנגען נאָך ביילקען אין הויז אַ פאַרשעמטער, ווי אַ נאַרישער קליינער יינגל, וואָס האָט אָפּגעטאָן זייער ניט קיין שיינע מעשה, און די מאַמע איז דאַן פונקט אָנגעקומען. זי האָט אַלץ געזען, נאָר זי שווייגט, זי וויל וועגן דעם ניט ריידן, זי וויל איר קינד צופיל ניט פאַרשעמען.

ניט איין נאַכט, פון די לאַנגע, קאַלטע ווינטער־נעכט, ליגנדיק אויף זיין געלעגער לעבן ארקינס קראַנקן־צימער, פלעגט מאַיק ניט קענען איינשלאָפן. ביילקעס ווייבלעך־געשטאַלט האָט אַלץ פאָרגע־שוועבט פאַר זיינע אויגן. ניט איינמאָל פלעגט זיך מאַיקן אין זיין צעהיצטן מח, אין זיין אויפרעגונג, דאכטן, אַז אימיצער רעדט צו אים, שטויסט אים, טרייבט אים פון בעט: „גיי מאַיק, פלעגט זיך אים דאַכטן, ווי דער אימיצער רעדט, גיי, וואָס פרירסטו, וואָס ליגסטו אַליין אין בעט? גיי צו איר, זי איז דאָך אַזאַ וואַרעמע!

ניט איין מאָל האָט זיך מאַיק מיט כעס אַראָפּגעכאַפּט פלוצים פון זיין געלעגער. זיך געלאָזן גיין צו ביילקען אין צימער. נאָר אַרקינס פיבערישע האַלב־אָפענע אויגן, וואָס האָבן זיך שוין די לעצטע צייט ניט פאַרמאַכט, וואָס האָבן נאָכאַנאַנד געקוקט אין מאַיקס צימער, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און זיך ניט געקענט באַפרייען, אָט די פיבערישע אויגן פלעגן אים, מאַיקן, שרעקן, ניט לאָזן אַרויס פון זיין צימער.

— צום טייוול — פלעגט מאַיק שטילערהייט אַ זאָג טאָן אין פּויליש, קוקנדיק אויף אַרקינס אָפענע, פיבערישע אויגן — צום טייוול גיי מיט דיינע אויגן. — ער פלעגט אַריינקריכן צוריק אין בעט, זיך צודעקן מיטן צודעק איבערן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַהאַלטן פון יענע האַלב־טויטע. פיבערישע אויגן און ריידן צו זיך אַליין: — צום טייוול גיי מיט דיינע אָפענע אויגן, צום טייוול.

# זיבעצענטער קאַפּיטל

אַרקין האָט זיך גענומען פילן ערגער און ערגער. דער סוף האָט זיך גענומען דערנעענטערן.

דער אַלטער דאָקטאָר האָט שוין מער ניט געוואָלט קומען. זאָגנדיק: — צוליב וואָס אַרויסוואַרפן געלט? צוליב וואָס זיך שלעפּן אויפן פּאַרם? איר האָט דאָך נאָך די מעדיצין, גיט דאָס אים. איבערהויפּט זאָלט איר אים געבן די ווייסע פּילעכלעך, גיט דאָס אים אַ פּאָר מאָל אַ טאָג. גיט דאָס אים גענוג; שרעקט זיך ניט, עס וועט אים ניט שאַטן, און אויב איין פּילכל העלפט ניט אים צו מאַכן שלאָפן, גיט אים צוויי.

ביילקע האָט זיך גענומען היטן פון אַרקינען, אויסמיידן אַריינצוגיין אַליין צו אים אין צימער. שרעק און שוידער באַפאַלט איר דערמאָנענדיק זיך די פּאַסירונג פון עטלעכע טעג צוריק. ווי אַרקין האָט איר גערופן און זי האָט ניט געקענט געפינען מאַיקן, איז זי אַליין אַריין צו אַרקינען. ער האָט איר פּלוצים, זי האָט זיך גאָרניט אַרומגעזען, אָנגעכאַפּט מיט זיינע קאַלטע, כמעט ווי טויטע הענט און ווי מיט אייזערענע צוואַנגען האָט ער איר געצויגן, געשלעפּט צו זיך. און עס האָט זיך איר געדוכט, אַזוי ווי אַ סקעלעט, דער טויט אַליין האָט איר געשלעפּט צו זיך. אַ גליק איז געשען, וואָס מאַיק האָט דער־הערט איר געשריי און האָט איר אַרויסגעריסן פון זיינע הענט.

מאַיק האָט איצט איבערגענומען די גאַנצע אַרבעט פון אַכטונג געבן אויף אַרקינען. זי, ביילקע, האָט געגומען אויפ־שטיין גאַנץ פרי גיין אין באַרן מאַכן די אויוונס, אָוועקפירן און ברענגען ראָזעלען פון סקול. און מאַיק פלעגט ניט אָפּ־טרעטן פון אַרקינען. טאָג און נאַכט איז ער געווען מיט אים. אים געגעבן די מעדיצין — די ווייסע פּילן, געשמירט מיט

אַלקאָהאָל און אַרומגעווישט די גרויסע טראָפּנס שווייס, וואָס פלעגן ווי פּענכירעס נאָכאַנאַנד אַרויסקומען אויף דעם קראַנקנס פּנים.

מער ניט איינמאָל אין דער נאַכט, פלעגט ביילקע אַריינ־קומען העלפן צורעכט מאַכן דאָס בעט — אַרויסנעמען די ליילעכער, וואָס זיינען נאַס געוואָרן דורך דעם טאָג פון דעם קראַנקנס שווייס און איבערבייטן די קישנס.

אַרקינס פּיבערישע אין די לעכער טיף איינגעגראָבענע אויגן, פלעגן ווערן אומרואיק דערזעענדיק איר, קוקן מיט כעס און מיט שנאה, דורכלעכערן איר קערפּער, דורכשטעכן ווי מיט שפּיזן איר פולן טרייסלענדיקן בוזעם.

אַ דערשראָקענע, פלעגט זי זיך יעדע נאַכט אַרויסכאַפּן פון זיין צימער. שטונדן לאַנג פלעגט זי אין דער שפּעטקייט פון דער נאַכט ליגן אין בעט מיט אָפענע, צעשראָקענע אויגן און ניט קענען איינשלאָפן. אַרקינס פּיבערישע מאָדנע גלאַנציקע אויגן פלעגט זיך איר דאַכטן זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך איר, אַריין מיט איר אין צימער, אין בעט, זיך צוגעקלעפּט צו איר לייב, רייסן פון איר שטיקער, מאָגנען און שטעכן אירע בריסט. מאָדנע געדאַנקען, אויפגערעגטע געפילן, אַלטע פאַרלאַנגען, וואָס זיי־נען כמעט ווי פאַרגעסענע געשלאָפן אין איר האַרצן, האָבן זיך איצט געגומען פלאָנטערן אין איר צעהיצטן, צעשראָקענעם מוח.

איר אָנקל הערמאַן קומט איר איצט ווידער אַרויף אויפן זינען. באַלד, טראַכט זי, וועט די טאַנטע דאָרע שטאַרבן. פּי־לייכט איז זי שוין געשטאָרבן. עס נעמט דאָך מער ווי אַ וואָך צו קריגן אַ בריוו פון אַריזאָנאַ. איר רייכער אָנקל הערמאַן וועט בלייבן אַליין. ער איז נאָך גאַנץ יונג, אַ הויכער, אַ גלייכער, אַ פעסטער. ווי אַלט קען ער זיין, פאַרקלערט זי זיך. זי פאַנגט אָן צו רעכענען, קניפּן יאָרן צו יאָרן, בינדן צייטן צו צייטן, אַ יאָר פינף און פופציק רעכנט זי אויף, אַ יאָר פינף און פופציק מוז דער אָנקל איצט אַלט זיין. גלייך פּרואווט

זי זיך אַליין פֿאַרזיכערן, אַז דער אָנקל קוקט אויס פֿיל ייִנגער, אַז ער קוקט ניט אויס פֿיל עלטער פֿון מאַיקן.

פּלוצים הייבט איר גאַנצער קערפּער אָן צו ציטערן, צו ברענען. זי פֿילט ווי עמיצער וואָלט אונטערגעלייגט ברענענדיקע קוילן אונטער איר בעט. עס ברענט און עס סאָרפּעט איר הויל, נאַקעטע לייב. זי קערט זיך איבער, וואַרפֿט אַרונטער דעם שווערן צודעק, בלייבט ליגן אָן אָפּגעדעקטע, אַ הוילע און קוקט אין דער פֿינצטער אויף אירע טונקעלע בריסט.

און פּלוצים איז איר באַפֿאַלן אַ קעלט, איר הייסע, ברע־נענדיקע לייב האָט גענומען אין איין ווײַלע פֿרירן, פֿאַרגליווערט ווערן ווי אַ שטיק אײַז. אירע נאַקעטע פֿולע בריסט זײַנען מיטאַמאָל האַרט געוואָרן. אַ קאַלטער עלעקטרישער שטראָם איז דורכגעלאָפֿן דורך איר קערפּער, צעטרייסלט איר גאַנצן וועזן, צע־וואָרפֿן, צעריסן אויף הונדערטער טיילן. און עס פֿאַנגט זיך איר אָן דאַכטן, אַז זי הערט ווי די טיר פֿון איר צימער עפֿנט זיך און מאַיק גליטשט זיך מיט שטילע, באָרוועסע טריט איבערן דיל. זי פֿילט, ווי ער נעמט זי אַרום, זי טוליעט זיך צו אים, זי וויל זיך דערוואַרעמען. מאַיק האַלט איר פֿעסט, דריקט איר צו זיך מיט זײַנע שווערע, אײַזערנע הענט, דריקט שטאַרק מיט גבורה, ס׳פֿאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם.

— מאַיק, — בעט זי זיך שטילערהייט — דריק מיר ניט אַזוי שטאַרק, דו וועסט מיר דערשטיקן.

מאַיק אָבער הערט איר ניט. ער דריקט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איר לייב איז ווידער צעהיצט געוואָרן. עס דאַכט איר, אַז עמיצער האָט ווידער אָנגעצונדן אונטער איר בעט, אַ פֿײַער ברענט ווידער אַרום איר און אָט ווערט זי פֿאַרברענט.

מאַיק האַלט זי פֿעסט אין זײַנע אָרעמס און לאָזט זי ניט אָפּ.

— מאַיק — בעט זי זיך שעפּטשענדיק בײַ אים — זע, לאָז מיך אָפּ. לאָמיר אַנטלויפֿן פֿון דאַנען, מיר וועלן דאָך דאָ

אַלע אומקומען אין פייער. זע ווי דער פייער ווערט שטאַרקער און שטאַרקער. מיין גאַנצע לייב ברענט. —

נאָר מאַיק רעדט ניט. ער האַלט איר פעסט אַרומגענומען און מיט זיינע הייסע, גראָבע ליפּן האָט ער זיך איינגעגעסן אין איר לייב.

פּלוצים איז פון ערגעץ געקומען צו איר אַ מאָדנער געפיל, אַ רואיקייט, אויס שרעק, אויס מורא. עפּעס פילט זי, ווי זי וואָלט געזויגן אַ קינד. עס דאַכט זיך איר, אַז איר טאָכטער ראָזעלע איז צוריק געוואָרן אַ קליין קינד. זי ליגט אין בעט לעבן איר און זויגט אירע בריסט.

אַ מידע, מיט אַ שווערן קאָפּווייטיק, האָט זי זיך איבערפרי אויפגעכאַפּט. זי האָט זיך אַיילנדיק אָנגעטאָן און איז אַריין אין קיך. די אויוונס זיינען שוין געווען געמאַכט, דער קעסל וואַסער האָט זיך געקאָכט און אַ פּאַרע האָט זיך געהויבן אין דער הויך. מאַיק איז שוין ניט געווען. ער האָט אַוועקגעפירט ראָזעלען אין סקול.

מיט שטילע טריט איז זי צוגעגאַנגען צו אַרקינס צימער. די טיר איז געווען האַלב אָפן ווי אַלעמאָל. אַרקין איז געלעגן אויף אַ זייט, זיין רעכטע האַנט איז אַרונטערגעהאַנגען פון בעט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָנשפּאַרן מיט דער האַנט אָן דעם דיל, אַרונטערגיין פון בעט. זיינע אויגן זיינען געווען פעסט פאַרמאַכט, נאָר דער מויל איז געווען אָפן. און דורך דעם קליינעם אָפענעם פענצטער האָט געקרעכצט און געוויינט דער קאַלטער בייזער ווינטער ווינט.

# אַ מאַמע באַגלייט איר זון

ער, דער פּאָטער, אַ צעטראָגענער, האָט אַרומגעשפּרייזט הין און צוריק איבערן הויז. אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק. דער „וואַליס" אַ פולער און אָנגעפּאַקטער, ווי אַ געשוואָלענער, איז געשטאַנען אין מיטן הויז. דזשעק האָט נערוועז עפּעס פאַרצייכנט. און אַריינלייגנ־דיק דעם נאָטיץ־ביכל אין קעשענע און וואַרפנדיק אַן אומעטיקן בליק איבערן הויז, האָט ער שטיל אַרויסגערעדט: — נו, מ'דאַרף שוין נעמען גיין.

די מאַמע, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל אַ פאַרוויינטע, האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום אַלמער, אַרויסגענומען איר מאַנטל.

— מאַמע! וואָס דאַרפסטו זיך שלעפּן אין אַזאַ קעלט. — האָט דזשעק, מיט אַ בעטנדיקן קול אַ זאָג געטאָן. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע פאַרוויינטע אויגן, אָנגעטאָן דעם מאַנטל, געשוויגן, אַרויס גלייך מיט זיי.

דער וועג צום קאַר איז געווען ניט ווייט, אינגאַנצן דריי בלאָק. ווען זיי זענען צוגעקומען, איז שוין די קאַר אויפן ראָג גע־שטאַנען, עפּעס אַזוי, ווי די קאָר וואָלט געוואַרט אויף זיי. זי, די מוטער, איז די ערשטע אין קאַר אַריינגעקומען און זיך אַוועק־געזעצט.

— מאַמע, פאָלג מיך, גיי בעסער אַרונטער, — האָט דזשעק, איר זון, אָננעמענדיק איר ביים האַנט, זיך געבעטן. — צו וואָס זיך שלעפּן אין אַזאַ קעלט?

זי האָט אים ניט געענטפערט. געהאַלטן פעסט זיין האַנט אין אירע, געשאָקלט דעם קאָפּ הין און צוריק און געשוויגן.

און בילדער אַלערליי האָבן פּלוצלונג גענומען אויפוואַכן אין איר זכרון. אָט זעט זי אים נאָך אַ קליין קינד. זי שפּילט זיך מיט אים. זי קושט זיינע ווייכע פּוכיקע הענטלעך. אָט האַלט זי אים פאַרן האַנט, לערנט אים גיין. זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט אים געפירט האַלטנדיק פאַרן האַנט דעם ערשטן מאָל אין שולע.

בילדער נאָך בילדער פליען אין איר זכרון. און איצט, ווער ווייס, טראַכט זי קוקנדיק אויף זיין גרויע „יוניפאָרם", וועט ער קומען פון מלחמה צוריק? זי שוידערט אויף, די דאַרע אַקסלען ציטערן. זי דריקט זיך פעסטער צו אים און צעוויינט זיך פּלוצלונג ווי אַ קליין קינד, זיך אויפכאַפּנדיק מיט גוואַלדן אין דער שפּעטקייט פון דער נאַכט.

# אַ שווער לעבן

פאַר די לעצטע פּאָר יאָר זינט דער דאָרף האָט זיך געגנו־
מען אויסשפּרייטן, האָט דער אַלטער ראַכלין, דורכפאָרנדיק מיט
זיין וועגעלע מיט מילכיקס דורך דעם דאָרף, געגומען וואַרפן
זשעדנע בליקן אויף דעם אַלטן בילס קאָרנער. אָט אַזאַ קאָרנער,
ווען ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט, וואָלט איך געקענט
האָבן אַ רואיקן עלטער. אַזוי פלעגט ער טראַכטן גאַנץ אָפט
פאָרנדיק דורכן דאָרף. ניט איינמאָל איז ער מיט זיין פרוי שפרה
געקומען צו דעם אַלטן ביל רעדן וועגן זיין קאָרנער.

— וואָס וואָלסטו געגעבן פאַר אַזאַ „לאָט", ראַכלין —
פלעגט דער אַלטער ביל אויסשפּייענדיק פון מויל זיין „טשור־
טאַבאַקע", וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין קייען, אַ זאָג טאָן
— האַ, האַ, וואָס וואָלסטו געגעבן?

— צוואַנציק הונדערטער — האָט אים ניט איין מאָל ראַכ־
לין געזאָגט.

— צוויי טויזנט דאָלער — האָט דער אַלטער ביל איבער־
געחזרט אַ פּאָר מאָל — צוויי טויזנט דאָלער. וואָס, מער האָט
עס ניט די ווערט? מיר וועלן זען, ראַכלין. ווען איך וועל האַלטן
ביים פאַרקויפן, וועלן מיר זען. איך וועל דיר אָנזאָגן. —

הערנדיק פּלוצים די נייס אין שטעטל, אַז דער אַלטער ביל
האָט פאַרקויפט זיין קאָרנער, האָט זיך ראַכלינען גאָר ניט געוואָלט
גלויבן. און אָנשטעלנדיק אַ פּאָר אויגן פול מיט פאַרוואונדערונג,
איבערפרעגנדיק נאָך אַמאָל דעם קרעמער מיט וועמען ער האַנדלט
— וועמען ער פאַרקויפט די מילכיקס — סטייטש, ווען, וועמען,
ווי אַזוי?

און קריגנדיק אַן ענטפער פון קרעמער, וואָס הייסט ווען? נעכטן.

באַרסוק דער אַגענט האָט פאַרקויפט דעם קאָרנער צו אַ ניוטאָנער יידן, עפּעס אַ סאַלון־קיפּער, פאַר פינף און דרייסיק הונדערט דאָלער קעש. מ׳זאָגט, אַז דער ייד גייט דאָרט אויפשטעלן סטאָרס. — און אַ גלעט טוענדיק זיין קורץ געשאָרן בערדל, האָט דער קרעמער, ווי נאָך ווען מאַכן זיכערער, צוגעלייגט — דריי הונדערטער, ראַכלין, האָט דער אַגענט באַרסוק געמאַכט „קאָמי־שיאָן". אַ גליקלעכער מענטש אָט דער באָרסוק — האָט דער קרעמער ווי פאַר זיך געענדיקט. — אַ גליקלעכער מענטש! די לעצטע צייט שיט ער זיך אָן מיט גאָלד. ער וועט ווערן אַ גביר! עס גייט אים דורך די טירן און דורך די פענצטער.

פאָרנדיק צוריק פון שטעטל אַהיים אויף זיין פאַרם, האָט זיך ראַכלין געפילט זייער פאַסקודנע. עפּעס מאָדנע געדאַנקען, ווי בייזע פליגן, האָבן זיך נאָכאַנאַנד געפּלאָנטערט און געעגבערט זיין מוח. אַ כעס האָט זיך ביי אים גענומען וועקן אויף זיך אַליין.

— אוי, ראַכלין, האָט אים נאָכאַנאַנד געפּיקעט אין מוח רייד— האָסט אַלץ פאַרלאָרן אין איין ווייל. דו ביסט אַ שוטה! — האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן. — דו ביסט אָפּגעזעסן גאַנצע דרייסיק יאָר אויפן פאַרם; געריסן די ווילדע, פאַרלאָזענע ערד; אַוועקגעלייגט אַזויפיל כוחות; געשלעפּט די גרויסע, שווערע שטיי־נער; טאָג און נאַכט געווען פאַרהאָוועט. —

די גרעסטע הויז קען מען דאַכט זיך אויפשטעלן פון די גרויסע, שווערע שטיינער, וואָס ער האָט אויפגעקליבן. ער וואונ־דערט זיך ווי אַזוי ער און זיין שפרה האָבן געקענט אויפטאָן אַזויפיל אַרבעט. זיי האָבן דורך די אַלע יאָרן ניט געהאַט קיין רואיקע מינוט. געזייט, בהמות געהאַלטן, שווערע קאַנען מיט מילך געשלעפּט, געשלאָגן פּוטער, געמאַכט קעז. געהאָרעוועט ווי פערד זומער און ווינטער; צוויי מאָל אַ וואָך זיך געשלעפּט מיט אַ וואָגן; די

ביינער צעטרייסלט. זיי האָבן רייך געמאַכט אַזויפיל קרעמער, לייַ־דיקגייער. דער אַלטער גאַרפינקל האָט שוין לאַנג פאַרקויפט זיין מילך געשעפט. ער איז געוואָרן פון זיין האָרעוואַניע אַן עושר.

ווי לאַנג איז דאַכט זיך, אַז אָט דער מירקין, דער רבי, ווי די גויים רופן אים דאָ, האָט געעפנט זיין מילך געשעפט, האָט קיין פּעני ניט געהאָט. ער געדענקט נאָך ווי היינט, ווי מיר־קין האָט זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל אים אויסוואַרטן מיטן חוב פון איין וואָך אויף דער צווייטער. ער געדענקט, ווי מירקין האָט זיך ביי אים איינגעבעטן, ער זאָל אים פאַרקויפן. נישקשה ראַכלינס מילכיקס, האָט אַ נאָמען, איצט איז מירקין אַן עושר, האַנדלט מיט הייזער, ער וועט שוין באַלד אין גאַנצן פאַרקויפן זיין מילך־געשעפט. ער איז שוין רייך געננוג. און ער איז נאָך אַלץ דער זעלבער קבצן, דער זעלבער ראַכלין דער פאַרמער. מער ניט, ער איז עלטער געוואָרן און שוואַכער. שלעפט זיך מיט די מילכיקס עטלעכע מאָל אַ וואָך, טרייסלט די אַלטע ביינער.

ער גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. אַ קרעכץ רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט. מ׳דאַרף צו אַלץ מזל האָבן, גיט ער אַ טראַכט. און זיין גאַנץ לעבן הייבט אָן פאַרביישווימען פאַר זיינע אויגן. אָט זעט ער זיך נאָך אַלס קליין ייִנגל, אפשר אַ יאָר זעקס, אין אַ הינטער שטיבל אויף אַ הויף אין אַ קליין שטעטל אין דער ליטע. עס איז פאַרנאַכט. זיין מאַמע האָט ערשט אָנגעצונדן דעם קליי־נעם קעראָסין לעמפּל. פון דער צעבראָכענער, פאַרקלעפּטער מיט פּאַפּיר שויב בלאָזט אַריין אַ ווינט. דאָס פייערל אין דעם קליינעם קעראָסין לעמפּל טרייסלט זיך, אַזוי ווי עס וואָלט זיך פאַר וועמען געשראָקן, וואַרפט שאָטנס אויף די ברודנע ווענט און ווינקט זיך איבער מיט זיי. ער דערמאָנט זיך ווי ער און די איבעריקע קינדער פלעגן זיך צוטוליען צום אויוון. זיי פלעגן זיך אַלע צונויפדרייען אין אַ קנויל פון קעלט, ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע שעפעלעך. און מאָדנע געשטאַלטן פלעגן נעמען זיך

אַרומשאַרן איבערן שטוב — הויכע, שפּיציקע קעפּ, מיט לאַנגע אויסגעצויגענע פּנימער, מיט קורצע הינערשע פיסלעך.

אַט האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ די פּאַרפּראַרענע טיר. זיין טאַטע איז אַריינגעקומען, זיין פּנים אין גאַנצן בלוי פון קעלט. קוים וואָס ער האָט אים דערקענט. דער טאַטע האָט געריבן די הענט פון קעלט. דאַן האָט ער לאַנגזאַם אויסגעטאָן דעם אַלטן פּלאַשטש.

— וואָס, דבורה, האָסט עפּעס אויף וועטשערע ? — האָט ער זיך צורוקנדיק צום אויוון אַ פרעג געטאָן.

— וועטשערע ? — האָט די מאַמע ערגעץ אין דער האַלב טונקלקייט פון אַ ווינקל אַ בורטשע געטאָן. — דאָס אַלץ, ווייזט אויס, וואָס ס'ליגט דיר אין זינען אַ גאַנצן טאָג, נאָר וועטשערע. פּאַרוואָס פרעגסטו ניט, צי איך האָב געהאַט געלט אויף וועטשערע ? —

און אַ כעסדיקע פלעגט די מאַמע נעמען גרייטן צום טיש. דעם טאַטנס גרויסער שטערן פלעגט זיך נעמען מאָדנע קנייטשן און עפּעס פלעגט דער טאַטע מורמלען פאַר זיך, גלעטנדיק באַ־כאַנאַנד זיין קליינע, בלאָנדע בערדל. אַט זיצן שוין אַלע ביים טיש, ביי דער וועטשערע. דער טאַטע זיצט אויבנאָן. די קינדער זאַלבע זעקס זיצן אַרום אים. אין די דאַרע, קליינע, ציטערדיקע הענטלעך האַלטן זיי די גרויסע, הילצערנע לעפל. קוים, קוים וואָס זיי קענען אַריינגעמען די גרויסע לעפל אין זייערע קליינע מיילער. זיי שטרענגען זיך אָן מיט אַלע כוחות וואָס גרעסער, וואָס ברייטער עפענען די מיילער.

און אַט איז אויס טאַטע ! אַוועקגעלייגט זיך אויף אַ פּאָר טעג און ניטאָ. ער איז אַ יתום געבליבן. צו אַכט יאָר איז ער אַוועק אין דער שוועבעלע פאַבריק אַרבעטן. דרייצן, פערצן שעה אַ טאָג געאַרבעט. עס דוכט זיך אים, אַז ער זעט נאָך איצט, ווי זיינע דאַרע, קליינע פינגער לויפן אַרום איבער די קעסטלעך

מיט די שוועבעלעך מיט אומרואיקער איילעניש פאַר עטלעכע גילדן אַ וואָך.

בילדער נאָך בילדער שוועבן פאַרביי זיינע אויגן. אָט איז ער שוין אַ בחור פון אַ יאָר פופצן. ער איז ברייט און הויך אויס־געוואַקסן, כמעט אַזוי הויך ווי איצט. קומענדיק שבת צום מנין, פלעגט ער זיך שעמען, פלעגט זיך ניט האָבן וואו אַהינצוטאָן — עפּעס ברייט און הויך אויסגעוואַקסן ווי אַ גוי, העכער כמעט פון אַלע יידן.

אָט איז ער שוין געקומען קיין אַמעריקע צו זיין לאַנדסמאַן און קרוב, נחמן ליפּמאַן. אויף מאָרגן האָט אים זיין קרוב גענומען אין שאַפּ.

— נו, אברהם משה, פאַר וואָס ווילסטו זיך לערנען, פאַר אַן אָפּרייטער ביים מאַשין, אָדער פאַר אַ ביגלער, דאָס הייסט פאַר אַ פּרעסער.

באַטראַכטנדיק ווי די מענטשן אַרבעטן ביי די מאַשינען און ווי דער פּרעסער אַרבעט מיטן אייזן, איז ביי אים אויסגעקומען, אַז זיין אַ פּרעסער איז אַ פיל קלענערע תורה ווי צו זיין אַן אָפּרייטער.

— פאַר אַ פּרעסער — האָט ער דאַן, אַ ביסל ניט זיכער אַ זאָג געטאָן.

— פּרעסן געפעלט דיר בעסער, גאַנץ ריכטיק — האָט זיין קרוב, נחמן ליפּמאַן, צוגעשטימט, — „דאַטס רייט” פאַר אַ פּרעסער פּאַסטו בעסער. —

אַזוי האָט ער גאַנצע צוועלף יאָר אָפּגעאַרבעט אין דעם זעלבן שאַפּ. אַ שיינע פּאַר דאָלער האָט ער דאָרטן אָנגעקליבן. ער געדענקט דאָס ווי היינט — פינף הונדערט דאָלער האָט ער געהאַלטן אין דער באַנק, און דריי הונדערט דאָלער איז געווען ביי זיין לאַנדסמאַן, נחמן ליפּמאַן. דאָרטן טאַקע אין יענעם שאַפּ האָט ער זיך באַקענט מיט זיין שפרהן.

אַ שמייכל באַווייזט זיך פּלוצים אויף זיינע ליפּן. וואָס פאַר

אַ שיין מיידל זי איז דאַן געווען. שווער צו זאָגן, אַז זי איז די אַמאָליקע שפרה. זי איז געווען אַזאַ פולע, אַ קיילעכדיקע מיט בלאָנדע צעפּ, שוואַרצע, גרויסע אויגן, אַ הויכער שטערן און אַ קליינער מיילעכל. ער געדענקט דאָס ווי היינט, ווי זי, שפרה, פלעגט זיך איינבויגן אויפצוהויבן די רעק פון דיל און דערלאַנגען זיי אים צום פּרעסן; ווי זיין פּנים פלעגט זיך נעמען רויטלען ווי פייער. עפּעס פלעגט זיך אים דאַכטן, אַז איר גאַנצער קערפּער רופט אים, ווינקט צו אים, אויף שטום־לשון רופט זי אים צו זיך, ציט אים ווי מיט אַ מאַגנעט.

ער געדענקט נאָך ווי היינט זיין חתונה מיט שפרהן. דער גאַנצער שאַפּ האָט אויף דריי טעג געוואָרפן די אַרבעט. צוויי טעג האָט מען געהוליעט. פינף פעסלעך ביר און זעקס גאַלאָן שנאַפּס האָט מען אויסגעטרונקען. דוד לייקין, זיין קרוב, דער פעדלער און דאָדע דער „בעיסטער״ האָבן געטרונקען שנאַפּס אין טיי גלעזער. די גאַנצע גאַס איז געווען אויף. וואָס איז שייך געהוליעט — ער דערמאָנט זיך ווי דאָדע, דער בעיסטער, האָט אַרונטערגעלאָזן די העמד איבער די הויזן און איז אַוועק אַ קאַ־זאַטשאָק; ווי דער שוואַרצער לייבל, אַ היימישער שוסטער, מיט אַ פּנים פול מיט גריבלעך, ווייזט אויס אַ ירושה פון אַמאָליקע פּאָקן, מיט אַ ברייטער, פלאַטשיקער נאָז, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ליידיקער פעסל ביר, דעם קאָפּ הויך פאַרריסן, מיט זיינע גרויסע, שוואַרצע, פאַרמאַזאָליטע נאָך פון דראַטווע צעדרייטע פינ־גער געגלעט דאָס קישעלע, וואָס איז געלעגן ביי אים אויף די קני און גענזונגען מיט אַ הייזעריקן, ווילדן קול דאָס גויאישע לידל: „היי, דודאַ״; ווי אָרע דער פּרעסער, אַ בחור פון אַ יאָר דרייסיק, איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, אַוועקגעשטעלט זיך אַנטקעגן לייבלען, די גרויע האַלב שיכורע אויגן פאַרמאַכט, זיין הויכער, שווערער קערפּער וויגט זיך אויף די הויכע, דינע פיס, ער שאָקלט מיטן קאָפּ צום טאַקט, קרימט דעם פּנים, פּאַטשט אַריין אין לייבלס געזאַנג מיט אַ ווילדן געשריי: „עס איז געווען ביי

איין טאָטן אַמאָל דריי זין!" אַלע האָבן צוגעפּליעסקעט מיט די הענט. די גאַנצע גאַס איז געווען אויף.

אָט איז שוין נאָך דער חתונה. די ערשטע צייט נאָך זיין חתונה איז געווען די בעסטע צייט פון זיין לעבן. ער דערמאָנט זיך מיט וואָס פאַר אַ פרייד, ער פלעגט קומען אַהיים נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. ווי זי, זיין שפרה, פלעגט אים אָפּוואַרטן אין דרויסן. מיט וואָס פאַר אַ שמייכל זי פלעגט אים אויפנעמען. ער קלערט וועגן יענע יאָרן און אַן אָנגענעמער געפיל צעשפרייט זיך איבער זיין קערפּער. ער דערמאָנט זיך ווי ריין, ווי ציכטיק זי פלעגט האַלטן די דריי צימערן אין די „בעק" ערגעץ אויף אָרטשאַרד סטריט.

— וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי מאָדנע? — פלעגט שפרה צו אים אַמאָל אַזוי פּלוצים אַ זאָג טאָן. — וואָס קוקסטו, דו קענסט מיר ניט? —

— דו קוקסט אויס שיין. דו ווערסט קיין עין הרע וואָס אַ טאָג שענער — פלעגט ער מיט אַ שמייכל איר אָפּענטפערן.

אַזוי זיינען איבערגעלאָפן אַ פּאָר יאָר. געלט האָט זיך געקליבן, גאַנצע טויזנט דאָלער האָבן זיי אָנגעקליבן. אַ קינד איז געקומען שלמקע, אַ פאַרשיין אין גאַנצן געראָטן אין דער מאַמען: אַ הויכער שטערן מיט שוואַרצע גרויסע אויגן. נאָר אָט פּלוצלונג אַ צרה עפּעס אַ שטעכעניש האָט ער גענומען פילן אין לינקן זייט. ער איז אַרומגעגאַנגען אין אַלערליי „דיספּענסעריס", געזופּט מעדיצינען און ס'האָט גאָרניט געהאָלפן.

— דער איינציקער מיטל פאַר אייך — האָט אַ דאָקטאָר געזאָגט — איז, אַז איר זאָלט אויפגעבן דעם שאָפּ און אַוועקפאָרן אין אַ קאַנטרי. —

אין אָנהייב האָבן זיך דעם דאָקטאָרס רייד גאָרניט געקענט פאָטויפּען ביי אים אין מוח. וואָס האָט צו טאָן די שטעכעניש אין זייט מיט קאָנטרי? אחוץ דעם האָט זיך אים עפּעס גאָרניט געגלויבט, אַז דאָ אין אַמעריקע איז אויך פאַראַן פאַרמס. דאַכט זיך,

וואו מ׳גיט זיך נאָר אַ קער איז רק הייזער און הייזער. זיי זיינען אַזוי אַריינגעקוועטשט איינס אינם אַנדערן, אַז אַפילו קיין פענצטער זיינען אין די זייטן פון די הייזער ניטאָ. אַלץ איז פאַרשטעלט און פאַרמויערט אַזוי ווי די אַלטע פעסטונג ביי זיי אין שטעטל.

עפעס איז אים געווען שווער צו גלויבן, אַז עס איז נאָך דאָ פאַראַן פעלדער און וועלדער, אַזוי ווי אַרום זיין שטעטל אין דער ליטע. וואו עס וואַקסט קאָרן, האָבער און קאַרטאָפל, עפעס זייענדיק פאַרשפאַרט אַזוי פיל יאָרן אין די פינצטערע שעפער, האָט זיך אים ניט געגלויבט, זיך ניט געלייגט אויפן שכל אַז דאָ איז אויך פאַראַן ניט קיין פאַרבויטע ערטער, אַז דאָ איז אויך פאַראַן פעלדער און וועלדער.

נאָר איבעררײַדנדיק פילע מאָל זיין לאַגע מיט שפרהן וואָס טוט מען? וואָס פאַר אַן עצה מ׳גיט זיך, איז ביי זיי געבליבן. אַז מ׳זאָל גאָר פרואוון שרייבן צום קרוב, צום פעדלער דוד לייקין אין ניוטאָן.

און אויפזוכנדיק דעם אַדרעס, וואָס ער, לייקין, האָט זיי דאַן געלאָזן זייענדיק ביי זיי אויף דער חתונה האָבן זיי אים יעצט טאַקע גלייך אַ בריוו אָוועקגעשיקט און אַן עצה געפרעגט.

אויף דעם דריטן טאָג האָבן זיי אַן ענטפער באַקומען, אַז ער, ראַכלין, זאָל גלייך קומען אין ניוטאָן. ניט פיל קלערנדיק, האָט ער זיך דעם זעלבן טאָג פונאַנדערגעפרעגט ווי אַזוי און ווי מ׳פאָרט אַהין. קומענדיק אין ניוטאָן האָט ראַכלין אָנגעקוקט דאָס שטעטל און זיך געוואונדערט. עפעס האָט אים אויסגעקוקט מאָדנע דאָס קליינע אַמעריקאַנער שטעטל.

— עס קוקט גאָרניט אויס ווי מיין אַמעריקע — האָט ראַכלין אַ זאָג געטאָן, זיצנדיק ביי זיין קרוב אין הויז. — עפעס דוכט מיר יעצט, אַז איך בין אָוועקגעפאָרן פון אַמעריקע. אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדער לאַנד. —

— וואַרט, וואַרט — האָט זיין קרוב אַ זאָג געטאָן, שמייכלענדיק מיט צופרידנקייט אין זיין קורץ געשאָרן בערדל — וואַרט,

דו ביסט נאָך אַ גרינער. פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט די אַלע יאָרן געווען אין ניו יאָרק, דו ווייסט ערשט איצט דערזען וואָס הייסט אַמעריקע. —

נאָך וועטשערע, האָט זיך דוד לייקין, פונאַנדערגערעדט מיט ראַכלינען, וועגן לאַנדסלייט. ווי גייט זיי? ווי מאַכן זיי אויס? געפרעגט, ווער האָט חתונה געהאַט און ווער עס איז נאָך סינגל, ווער איז רייך געוואָרן און ווער עס איז נאָך דערזעלבער אָרעמאַן. געפרעגט, אויב עס איז אַן אמת אַז די לאַנדסלייט אונדזערע האָבן אויסגעבויט אַ שול און האַלטן אויס אַ רב. איך געדענק ניט, האָט דוד לייקין אַ זאָג געטאָן גלעטנדיק זיין קורץ געשאָרן בערדל, איך געדענק ניט ווער עס האָט מיר דאָס דערציילט אַז אונדזערע לאַנדסלייט האָבן אויסגעבויט גאָר אַ שיינע שול און אויב עס איז טאַקע אַן אמת, אַז אונדזער רבס זון — זרח, איז דאָ געוואָרן אַן אַפּיקורס. איך האָב געהערט נאָך ערגער, מ׳זאָגט — אַ משומד. עפּעס גלויבט זיך ניט אויף זרחן.

ראַכלין האָט אים אַלץ איבערגעגעבן. דערציילט אַזוי פיל וויפיל ער האָט געוואוסט, ווער עס איז רייך געוואָרן און ווער עס איז דער זעלבער קבצן ווי אַמאָל. — מאָריס דוואָרקין — זאָגט ראַכלין — איז געוואָרן רייך, זייער רייך, כמעט אַ מיליאָנער. אפשר הונדערט מענטשן אַרבעטן ביי אים. דו וואָלסט אים איצט זען, וואָלסטו אים זיכער ניט דערקענט דעם משה פלאָקן, ווי מ׳פלעגט אים אַמאָל רופן. ער איז שוין איצט מער ניט דער הויכער, דאַרער שניידערל. ער איז הויך און ברייט מיט אַ פּעמפּיק. ער וואָלט דורך דיין טיר ניט געקענט דורכגיין. דערפאַר אָבער לאָזט ער זיך קענען — טויזנט דאָלער האָט ער געגעבן אויף דער שול. אַ יאָ, אַ שיינע נדבה? —

— שיין, אַוודאי, — האָט דוד לייקין צוגעשטימט — אַז גאָט העלפט, וואָרום ניט.

— דאָס וואָס מ׳דערציילט וועגן דעם רבס זון, זרח — האָט ראַכלין זיך אָפּרוענדיק אַ ווײַלע אַ זאָג געטאָן — איז טאַקע

אַ ביסל אמת. איך וועל ניט זאָגן, אַז ער האָט זיך געשמדט, נאָר ווייזט אויס, ער איז געוואָרן פון די ריכטיקע פייגעלעך. ער שרייבט אָפּט אין די אַפּיקורסישע צייטונגען, לאַכט אָפּ פון אַלץ מיט אַן אַנדער. איך ווייס ? אויף אַזאַ פויגל איז אַלץ צו גלויבן. — פאַר־קערט געבליבן.

דוד לייקין האָט אַ קרעכץ געטאָן און פאַר זיך אַ זאָג געט־טאָן :

— נחת ! רב טעוועלע, אונדזער אַלטער רב, האָט דערלעבט נחת אויף דער עלטער פון זיין בן יחיד. — ניטאָ וואָס צו ריידן, נחת !

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט דוד לייקין איינגעשפּאַנט זיין פערד אין וועגעלע, אַרויפגעלייגט זיין ביסל סחורה און ער מיט ראַכלינען האָבן זיך געלאָזן אין וועג.

— אָט איצט וועסטו אָנקוקן אַמעריקע — האָט דוד לייקין אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל.

אברהם משה ראַכלין איז געזעסן די גאַנצע צייט אויפן וואָגן ווי צעטומלט, עפּעס האָט זיך אים ניט געגלויבט, אַז דאָס וואָס ער זעט איז וואָר. עס האָט זיך אים ניט געגלויבט, אַז ער איז אין דער זעלבער אַמעריקע. וואָס פאַר אַ רחבות ! האָט ער נאָכאַנאַנד געטראַכט. ווי שיין עס קוקן אויס פון ווייטנס די טערקישע ווייץ. עפּעס ווי סאָלדאַטן אָנגעטאָן אין פאַנצערס, מיט שפּיזן אַרומגע־גאַרטלט, שטייען זיי אַלע צעשטעלט גלייך. פּאַרטיק אויף אַ רוף פון וועמען צו לאָזן זיך אין וועג. און דער קליינער זאַנגענדיקער האָבער, עפּעס ווי קליינע קינדער קוקן זיי אויס פון ווייטנס, וויגן זיך, האָטשקען זיך, מאַכן קונצן אויף זייערע דינע זאַנגען. קונדסים — שפּרינגען זיי אַרום. ניטאָ ווער עס זאָל אויף זיי אָנשרייען, פילן זיי זיך פריי. זיי לאַכן, טרייבן שפּאַס פון די שווערע קוקורוזע זאַנגען, ווי זיי זיינען באַוואַקסן, שווער צוגעקאָוועט צו דער ערד, קענען זיך ניט אַ קער טאָן. און עס הויבט זיך אים אָן פּלוצים צו דוכטן, אַז עס איז גאָר אַן עדה מיט יידן, באַוואַקסן מיט שווערע בערד

און פאות, האָבן זיך געשטעלט דאָ אין פעלד אָפּרוען. לאַנגע ציצות הענגען אַרונטער פון זייערע גאַרטלען און באָלד, באַלד וועט מען נעמען דאַוונען שחרית.

לייקין האָט אים פלוצים איבערגעשלאָגן זיינע געדאַנקען.

— וואָס זאָגסטו, ראַכלין, אויף אַמעריקע ? —

— וואָס איז דאָ שייך צו זאָגן, איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ אַמעריקע. איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ מין שיינקייט, אַזאַ רחבות. דאָ איז דאָך פעלדער און וועלדער גאָר אָן אַ סוף און אָן אַן עק. דעם אמת זאָגנדיק, אויף אָרטשאַרד סטריט, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז גאַנץ אַמעריקע איז ווי איין גרויסע טורמע פאַרבויט מיט גרויסע, פינצטערע טענעמענט הייזער. ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אַמעריקע האָט אַזויפיל פעלדער און וועלדער, אַזאַ מין רחבות, אַזויפיל לאָנקעס חוץ בית עולמס. ווער וואָלט דאָס געגלויבט ? —

דוד לייקין האָט אים אָנגעקוקט. אַ גרינע חיה האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ווי אַ מענטש צעגיסט זיך, דאָס מער, ווייזט אויס, גייט אים ניט אָפּ. וואַרט, וואַרט, ראַכלין, האָט לייקין, נאָך אַ ווײַלע שווייגן הויך אויפן קול ווי אויסגעשריען, דו וועסט נאָך זען ווי שיין אַמעריקע איז. און אַריינדרייענדיק זיך מיט זיין שווערן וועגעלע אין אַ דאָרף, זיינען זיי געבליבן שטיין ביי דער ערשטער גרויסער הויז.

— אָט דאָ וועלן מיר עפּעס עסן. דאָ וועלן מיר זיך אונ־טערלענען דאָס האַרץ — האָט דוד לייקין מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן. און אַרונטערקריכנדיק פון וואָגן זיינען זיי ביידע אַריין אין הויז.

— וואָס וועסטו טרינקען, ראַכלין ? —

— איך ווייס, איך וועל נעמען אַ גלאָז ביר. —

— זיי ניט קיין נאַר, נעם שנאַפּס. וואָס פאַר אַ ביר ? ביר איז גוט נאָכן עסן. —

— עס איז ביי מיר אַ פולער מויל מיט שטויב — האָט זיך ראַכלין פאַרענטפערט.

— זיי ניט קיין נאַר, נעם שנאַפּס. אַ שנאַפּס וועט דיר אויסרייניקן דעם מויל נאָך בעסער ווי ביר. —

דוד לייקין האָט אָנגעגאָסן דריי גלעזלעך און אַ רוף געטאָן דעם אַלטן סאַלון־קיפּער:

— העי, מיסטער קאָנווי, וואָס שטייסטו פון ווייטנס, זעסט ניט, אַז עס שטייט אַ דריטע גלעזל? —

דער אַלטער סאַלון־קיפּער האָט פון ווייטנס אַ שמייכל געטאָן און אַ גלעט טוענדיק זיין קליינע, דינע, ציגענע בערדל, איז ער מיט לאַנגזאַמע טריט צוגעגאַנגען צום טישל.

— דאָס איז מיינער אַ קאָזין, מיסטער ראַכלין, פון ניו יאָרק — האָט דוד לייקין אים פאָרגעשטעלט פאַר דעם סאַלון־קיפּער און צורוקנדיק צו יעדן איינעם זיין גלעזל, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— צו געזונט. —

— וואָס הערט זיך עפּעס אין דער גרויסער שטאָט? — האָט דער סאַלון־קיפּער, אָפּווישנדיק זיין הוילע, געגאָלטע אויבערשטע ליפּ, אַ פרעג געטאָן.

— גאָר ניט — האָט דוד לייקין איילנדיק זיך פאַר ראַכלינען געענטפערט. — גאָר ניט, קיין נייס איז ניטאָ. ער זאָגט, עס איז זייער הייס אין דער גרויסער שטאָט. ער זאָגט, אַז ס׳איז גאָרניט אויסצוהאַלטן. מענטשן פאַלן אין גאַס פון היץ. —

דער אַלטער קאָנווי האָט זיך לאַנגזאַם אַוועקגעזעצט אויפן שטול.

— איצט וועל איך אייך מכבד זיין — און צום „באַר־טענדער" האָט ער אַ זאָג געטאָן — גיס אָן צוריק די גלעזלעך.

— ניין, ניין! — האָט זיך דוד לייקין באַליידיקט — ניין! ער איז מיין גאַסט און איך וועל צאָלן. —

ראַכלינס פּנים האָט זיך גענומען רויטלען. די פּאָר שנעפּס־לעך, די הייסע זון, אויך דאָס זיצן מיט אַן אַמעריקאַנער גוי אַזוי

נאָענט אַ שטול לעבן אַ שטול, האָבן נאָך מער אַנגעצונדן זיין פּנים.

— נו, וואָס זאָגסטו, מיסטער ראַכלין, אויף אונדזער געגנט?

— האָט דער אַלטער קאַנוויי, אַ גלעט טוענדיק זיין ציגענע בערדל, אַ פרעג געטאָן.

— עס איז שיין — האָט ראַכלין האַלב פאַרשעמט אין ענגליש געענטפערט.

דער אַלטער קאַנוויי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נו, וואָס זאָגסטו, אפשר וועסטו אויך דאָ ביי אונדז פאַרבלייבן, ווערן אַ פּעדלער. פאַראַן דאָ ביי אונדז גענוג פאַרמערס וועמען מ׳קען אָפּנאַרן. לייקין ווייס ווי אַזוי...

ראַכלינס פּנים איז פּלוצים נאָך רויטער געוואָרן. די רייד האָבן אים אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן.

דוד לייקין האָט אַ בורטשע געטאָן: — איך וועל אים מאַכן פאַר אַ שותף. —

— אַ גלייכע זאַך — האָט דער אַלטער קאַנוויי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אַ גלייכע זאַך — עמיצער האָט אים אַ רוף געטאָן. דער סאַלון־קיפּער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, אַ קלאַפּ גע־טאָן ראַכלינען אויפן פּלייצע: — דו וועסט זיין אַלרייט. דו צוזאַמען מיט לייקינען וועלן זיין אַלרייט... —

אַ צעטומלטער, אַ דערשראָקענער איז ראַכלין געבליבן זיצן. ווי מיט שאַרפע שפּיזן האָבן אים געשטאָכן דעם סאַלו־קיפּערס רייד. שוין זיצנדיק מיט לייקינען אין וואַגאָן, האָט אים נאָך אַלץ געוואונ־דערט, פאַרוואָס לייקין, אַ מענטש מיט אַן ענגליש צונג, האָט דעם גוי, דעם סאַלון־קיפּער פאַרשוויגן פאַר זיין באַליידיקונג, פאַרוואָס ער האָט אים ניט אָפּגעענטפערט ווי ער האָט פאַרדינט.

וואָס זיצסטו אַזוי פאַרזאָרגט האָט לייקין אים פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן — וואָס איז דער מער מיט דיר, דאָס ביסל בראַנפן האָט דיר פאַרשאַדט? נישקשה, אַ עלט איז אַ וועלט. דו וועסט אַרום מיר ניט פאַרלאָרן גיין. איך וועל דיר ניט לאָזן פאַלן. ניט

פאַרגעס זיך: בלוט איז געדיכטער ווי וואַסער. ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן. —

— עס איז ניט גוט, — האָט ראַכלין אַ זאָג געטאָן. — וואו מ׳קערט זיך, איז ניט גוט. גויים האָבן אומעטום, ווייזט אויס, פיינט אַ יידן. —

לייקין האָט אים אָנגעקוקט. — וואָס רעדסטו וועגן גויים? וואָס מיינסטו, עס איז ניט גוט וואו מ׳קערט זיך? —

— איך מיין, — האָט ראַכלין אַרומקוקנדיק זיך פאַרשעמט אַ זאָג געטאָן — עס איז ניט גוט, אַז מ׳איז קראַנק. מ׳קען ווייזט אויס, פון וויטיקן ניט אַנטלויפן. — און ער האָט ווידער גענומען דערציילן, ווי שטאַרק דער ווייטיק איז און אָנגעוויזן אויף דעם פלאַץ, וואו ס׳טוט אים וויי. — אָט דאָ צווישן די ריפּן. עס שטעכט, עס ברענט, אַן אימה! —

— שרעק זיך ניט, האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקן. — האָט דוד לייקין אים גענומען בארואיקן, — אַ נאָווינע, אַז ס׳שטעכט ערגעץ. מאַלע וואָס דאָקטוירים זאָגן. ווען אַלץ וואָלט זיך אויסגעלאָזן ווי דאָקטוירים זאָגן, וואָלט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט אויסגע־שטאָרבן. אמת טאַקע, אַ פאַרם וואָלט געווען ניט שלעכט, אָבער פעדלען איז נאָך בעסער. —

— הערסט, איך בין אויך געווען אַמאָל אַ פּרעסער און גע־אַרבעט, אוי ברודער, געאַרבעט מיט די זייטן, ביי אַ באַלעבאָס אַ אַ גוטן ברודער—ביי בעניע אַבאָס. ווי אַרעסטאַנטן פלעגט מען ביי אים אַרבעטן, רעגולערע שטונדן, פאַרשטייסט מיך, פון זיבן אינדער־פרי ביז אַכט אויפדערנאַכט און אַ האַלבע שעה אויף מיטיק. זיבן פּרעסער זענען מיר געווען, איינער און איינער — כלאָפּצעס אין הימל. שלמה פלאַקן און פייוול בוך האָבן מיט מיר געאַרבעט. חברה זיינען זיי געווען, זיי פלעגן דאָס אַ ביסל אַריינעסן און אַריינטרינ־קען. דו ווייסט אַ פרעג טאָן אַמאָל שלמהן, צי פייוולען, זיי וועלן דיר דערציילן וואָס הייסט זיין אַ פרעסער ביי בעני אַבאָס. פּופּציק מאַנטלען פלעגט יעדער איינער מוזן אויספּרעסן אַ טאָג. —

— אמת טאַקע, איך בין געווען קליגער ווי דו. איך האָב ניט געוואַרט ביז וואַנען מיר וועט נעמען שטעכן פון אייזן. איך האָב דאָס אויפגעגעבן אין צייט. איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, האָב איך אַ שטעל געטאָן דעם אייזן אויפן שטיין, און דער שטיין האָט זיך צעשאָטן אויף פיצלעך. אַ מיאוסקייט, האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן —

— העי, חברה, רוף איך זיך אָפּ צו די פּרעסערס, איך בין אויס פּרעסער. אויב אַ שטיין האָט ניט געקענט אויסהאַלטן מער ווי אַ פּאָר יאָר, אַ פּשיטא שוין אַ מענטש! —

כ׳האָב אָפּגעאַרבעט די וואָך, אָפּגענומען די פּאָר דאָלער. „גוד־ביי, ביגל־אייזן", האָב איך אַ זאָג געטאָן, און הלואי ווייטער. פאַרשטייסט? אָט אַזוי טוט אַ מענטש מיט שכל. —

ראַכלין איז געבליבן זיצן אַ פאַרשעמטער. ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן. — ווער זאָל דאָס וויסן, אַז אַ פּרעס־אייזן זאָל אָנמאַכן אַזעלכע צרות. עס איז מיר גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז איך זאָל קראַנק ווערן פון דעם אייזן. ווען איך האָב דעם אַלטן ליבוש, וועלכער שטייט ביים פּרעסל און אַרבעט שוין מיטן אייזן פינף און צוואַנציק יאָר, ווען איך האָב אים דערציילט, אַז מיר שטעכט אין זייט און דאָקטוירים זאָגן, אַז דאָס קומט פון דעם שווערן אייזן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון מיר. —

— זיי ניט קיין נאַר און גלויב ניט אין בבא מעשיות. — האָט ער געזאָגט. — מאַלע וואָס דאָקטוירים זאָגן. וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן אייזן? ס׳שטעכט דיר, ווייל ס׳שטעכט, אָבער מיטן אייזן האָט דאָס ניט צו טאָן. —

— פאַראַן וועגן וועמען צו ריידן, — האָט לייקין אַ זאָג געטאָן, אַ גלעט טוענדיק זיין שוואַרצע געשאָרענע בערדל. — פאַראַן וועגן וועמען צו ריידן, פון אַלטן לייבושן, אַ פערד! געזונט ווי אַן אָקס. ער שטאַמט פון אַזאַ משפחה, — אַ משפחה פון גיבורים. דו האָסט געדאַרפט קענען זיין טאַטן, יואל יונה טרעגער, אויך אַ חכם, אָבער אַ גיבור. מיט איין האַנט פלעגט ער אַרויפטראָגן אַ צען־פּור־

דיקן זעקל מעל אויף דעם העכסטן גאַניק פון שטעטל. ווען גויים פלעגן נאָכן מאַרק־טאָג זיך אָנשיכורן און זיך נעמען טשעפּען צו יידן, האָט מען נאָר געדאַרפט אַ רוף טאָן יואל יונהן דעם טרעגער. ווי זיי פלעגן אים דערזען, פלעגט גלייך ווערן רואיק. —

— נו, גענוג צו ריידן וועגן דעם, וואָס איז געווען. איצט וועל איך דיך ניט לאָזן פאַלן. מיר וועלן האַנדלען צוזאַמען. דו וועסט אַריינלייגן עטלעכע הונדערט דאָלער. מ׳וועט מאַכן אַ לעבן. —

ער פאַרטראַכט זיך. ער דערמאָנט זיך די גאַנצע יאָרן פון פעדלערײַ, ווי דאָס איז אים געווען דערווידער, ווי דאָס איז אים ניט געווען צום האַרצן. ניט איינמאָל פלעגט ער זיך באַקלאָגן. — אוי, האָב איך אויסגעקליבן אַ שנאָרערישע פרנסה, — פלעגט ער גאַנץ אָפט אַ זאָג טאָן.

— וואָס הייסט אַ שנאָרערישע פרנסה ? — פלעגט לייקין אָנקוקן אים פאַרוואונדערט — וואָס רעדסטו ? וואָס עפּעס אַ מיאוסע פרנסה ? — מיר זיינען סוחרים. —

— זיי קוקן דאָ אויף אונדז ווי אויף ציגיינער, — פלעגט ראכלין אָפּגעהאַקט אַ זאָג טאָן.

— זיי ניט קיין נאַר ! דיר פאַרדריסט, ווייזט אויס, אַז דו האָסט ברויט. וואָס אַרט דיך, ווי זיי קוקן. אַ לעבן מאַכסטו לעבן מיר ?

— עס אַרט מיך שוין זייער זייערע רייד. עס שטעכט מיר אין האַרצן. איך קען זייערע שטעכווערטלעך ניט פאַרטראָגן. —

— געדענקסט פאַראַכטאָגן דינסטיק, ווען מיר האָבן דעם אַלטן מאַרטינען פאַרקויפט די ווינטער־וועש, געדענקסט וואָס ער האָט געזאָגט ? דוד, האָט ער געזאָגט, דו ביסט אַ ציגיינער, האָסט אַ גלאַט צינגעלע, דו מאַכסט אַ מענטשן קויפן זאַכן, וואָס ער דאַרף גאָרניט, דו ביסט אַן אמתער דזשו. און אין זיינע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער. —

— נו, איז וואָס ? — האָט דוד לייקין אים אָנגעקוקט. —

וואָס האָט ער דאָ געזאָגט, וואָס דען איך בין ניט קיין דזשו? איך בין אַן איירישער? אודאי בין איך אַ דזשו. —

— ניט דאָס מיין איך, — האָט אים ראַכלין געגומען דער־קלערן. — אודאי ביסטו ניט קיין איירישער, און מאַרטין ווייס אויך, אַז דו ביסט ניט קיין איירישער. ער האָט אָבער דיך געוואָלט דערנידעריקן, האָט ער דיך אָנגערופן ציגיינער און דזשו, דו פאַר־שטייסט? —

לייקין האָט אים אָנגעקוקט. — משוגע, צי חסר דעה, האָט ער זיך אָנגערופן. רייד ניט קיין נאַרישקייטן, וועט מען פון דיר ניט לאַכן. ווי לאַנג איז דאָס, אַז דו ביסט געוואָרן אַ יענקי און דו זאָלסט מיר געבן צו פאַרשטיין, וואָס אַן ענגלישער וואָרט מיינט.

וואָס ווייטער און ווייטער אַלץ שווערער און שווערער איז אים געוואָרן דאָס אַרומשלעפּן זיך און די פּעדלעריי. איבערהויפּט זינט ס׳איז באַוואוסט געוואָרן איבער אַלע פאַרמס יענע מעשה מיט לייַ־בע כאַמקין, וואָס ער האָט באַגראָבן אַ פערד האַרט לעבן דעם צאַם פון דעם קליינעם קריסטלעכן בית עולם, וואָס האָט זיך געפּונען לעבן זיין פאַרם. זינט דאָס איז באַוואוסט געוואָרן, האָט זיך אברהם משה ראַכלין געשעמט קוקן אַ גוי גלייך אין פּנים. אפילו דוד לייקין איז אויך געוואָרן דערפון אביסל צעטראָגן. — אַ מיאוסער מענטש! — פלעגט ער אָפּט אַ זאָג טאָן פאַרנדיק פאַרביי זיין הויז. — אַ מיאוסער מענטש! ער האָט אונדז אַלעמען פאַרמיאוסט דאָ אין דעם גאַנצן געגנט. ער האָט בעסער געדאַרפט ברעכן האַלדז און נאַקן, איידער ער איז געקומען אַהער. ווער האָט אים דאָ געדאַרפט? דרייסיק טעג פריזאָן איז גאָרניט קיין שטראָף פאַר אַזאַ מין זאַך. שמיץ האָט מען אים באַדאַרפט געבן, אמתע פייערדיקע שמיץ.

איינמאָל פאַרשלאָגנדיק זיך ווייט פון זייער געגנט, האָבן זיי זיך געמוזט וואַלגערן אין דרויסן, ווייל קיינער האָט זיי ניט געוואָלט אַריינלאָזן נעכטיקן, צוליב אַ גנבה, וואָס האָט פּאַסירט אין יענעם געגנט. קומענדיק יענעם שבת אַהיים אַ פאַרביטערטער, אַ פאַר־קילטער, האָט ראַכלין באַשלאָסן, אַז ער ווערט אויס פּעדלער.

— ווי גאָט וועט געבן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו שפּרהן, — מער קיין פּעדלער וועל איך ניט זיין. איך האָב דאָס שוין גע־זאָגט לייקינען, אויס — אַ סוף.

זיין גאַנצער שווערער לעבן לויפט אים דורך אין געדאַנק. דאָס קליין שטיקל שטיינערדיקע ערד וואָס ער האָט דאָ אַמאָל געקויפט, די קינדער וואָס ער האָט דאָ אויסגעהאָדעוועט און זיי זיינען אַוועק צו די גויים. די קאַנען מילך, וואָס ער האָט טאָג טעגלעך געפירט. די קופּעס שטיינער וואָס ער מיט זיין שפּרהן האָבן דאָ אויפגעקליבן. אומזיסט די כוחות אין דער שטיינערדיקער ערד אַוועקגעלייגט, דוכט אים ווי אימיצער האָט מיט שפּאָט אין פּנים אים אַריינגעשריען. זיינע אויגן ווערן פול און הייסע טרערן פּאַנ־גען אָן צו רינען אין זיין גרוי געשאָרן בערדל און פאַלן אַרונטער אויף דעם שטויביקן דאָרפישן וועג.

# זיי האָבן זיך דערקענט

די לעצטע פּאָר טעג זענען די קליינע פּאָר צימערן געווען אָנגעפילט פון דערפרי ביז ביינאַכט מיט משפּחה: זין, שניר, טעכ־טער און איידעמס. יעדער איינער האָט זיך געפּלייסט צו טאָן עפּעס פאַר דער קראַנקער מאַמען. אפילו די אַמעריקאַנער אייניקלעך, וואָס פלעגן אַלעמאָל קומענדיק צו דער באָבען איבערקערן דאָרטן די שטוב, זענען איצט אויך געזעסן סטאָטעטשנע, אומעטיקע, צעטראָ־גענע, ווי די גרויסע. מער ניט, ווען ניט ווען, פלעגן זייערע אויג־לעך פלוצים אַ גלאַנץ טאָן און אַ באַהאַלטענער שמייכל פלעגט זיך באַווייזן אויף זייערע יונגע שטיפערישע ליפּעלעך.

נאָכדעם ווי דער פּראָפעסאָר האָט אונטערזוכט די קראַנקע און איז אַרויס פון צימער, איז דער עלטערער זון, אייבראַם, אַרויס גלייך מיט אים און דערלאַנגענדיק אים דעם מאַנטל, האָט ער שטילער־הייט אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס זאָגט איר, פּראָפעסאָר, וועגן מיין מוטער? —

— וואָס קען מען זאָגן? — האָט דער פּראָפעסאָר אַ מורמל געטאָן און אָפּוואַרטנדיק אַ ווײַלע, קוקנדיק דורך די שווערע ברילן אייבראַמען גלייך אין פּנים, אַזוי ווי דער פּראָפעסאָר וואָלט זיך געוואָלט פאַרזיכערן, ווי ווייט די גרוי וואָנצעס אויף אייבראַמס פּנים זענען ווירקלעך גרוי, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איר פאַרשטייט דאָך, אַ מענטש אַריבער זיבעציק... אייי־ביק קען מען ניט לעבן... אַלץ איז מעגלעך. איר פאַרשטייט, כל זמן מ׳לעבט, דאַרף מען האָפן. —

ווען אייבראַם איז צוריק אַרייַנגעקומען, האָבן אַלע ברידער

און שוועסטער געווענדט זייערע בליקן צו אים און אויסציענדיק די קעפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט צורוקן נעענטער צו אים, האָבן אַלע מיטאַמאָל שטיל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר?

— וואָס זאָל ער זאָגן? —

האָט אייבראַם אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן.

— וואָס זאָל ער זאָגן?

און דערשרעקנדיק זיך אַליין פאַר זיין שטאַמלען, האָט ער הויך אויפן קול, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין וועלן שטאַרקן, זיך פרייליכער מאַכן, כמעט ווי אויסגעשריען:

— ער האָט געזאָגט, אַז די מאַמע וועט אין עטלעכע טעג ווערן געזונט. מ׳דאַרף נאָר אויף איר גוט אויפפּאַסן. איר געבן די מעדי־צין אין צייט, שמירן מיט אַלקאָהאָל אַלע פיר שעה און זען האַלטן איר ריין. איך וואָלט געזאָגט, — האָט שוין אייבראַם גענומען שטיל ריידן, די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען מ׳זאָל נעמען אַ נוירס.

— מ׳דאַרף ניט קיין נוירס, — האָט די עלטערע שוועסטער ביילע, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט אַנטקעגן אייבראַמען און געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַ זאָג געטאָן, — מ׳דאַרף ניט קיין נוירס! וואָס איז, די מאַמע איז אייך שוין אויפן דריטן טאָג שווער געוואָרן? שוין אַ נוירס, האַ?

— משוגענע איינע! — האָבן די ברידער און איר מאַן צו איר שטיל גענומען ריידן. משוגענע איינע, וואָס ווילסטו? וואָס שרייסטו? וואָס אַרט דיר, אַז עס וועט זיין אַ נוירס? —

— עס אַרט מיך שוין זייער! — האָט ביילע מיט בייזקייט אויסגעשריען. — עס אַרט מיך! איך ווייס, איך פאַרשטיי אייך. די מאַמע איז אייך שוין מיאוס געוואָרן. שוין געוואָרן אַ פרעמדע אַלטע יידענע, אַ קראַנקע. דאַרף מען שיקן אַ נוירס. מיר אָבער איז זי ניט קיין פרעמדע. מיר איז זי ניט מיאוס געוואָרן. איך דאַרף ניט קיין נוירס. איך וועל זיין אַרום איר אַ גאַנצע נאַכט. איך וועל זיך ניט פאַרלאָזן אויף אַ פרעמדן מענטשן. פייגל האָט אַנגעקלונגען

אין טעלעפאָן, אַז זי קומט גלייך. מיר וועלן זיין מיט דער מאַמען. איר קענט אייך אַלע איצט שוין גיין אַהיים. —

אייבראַם האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און אַנקוקנדיק אַ ווײַלע זיין שוועסטער מיט אַ שאַרפן בליק, האָט ער אַ הויב געטאָן זיינע אַקסלען, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: — אַלערליי משוגעאים דאָ אויף דער וועלט! — ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און מיט שנעלע טריט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט פון עפּעס אַנטלויפן, כמעט ווי אריינגעלאָפן צו זיין מאַמען אין צימער. נאָך אים איז אויך ווי נאָכגעלאָפן ביילעס קול:

— ליבינקע, קינדער, טייערע, האָט געקלונגען איבערן הויז איר קול, זיי האָבן מורא, אַז זיי זאָלן דאַרפן זיצן לעבן דער מאַמען אַ שעה אָדער צוויי. נישקשה, אויף אַ באַל צי אויף אַ פּינאָקל וואָלטן זיי געהאַט צייט, גענוג צייט. ביי דעם וואָלטן זיי געקענט אויפ־זיין אַ גאַנצע נאַכט. —

אַריינקומענדיק אין צימער, האָט זיך אייבראַמען אויסגעדוכט, אַז די מאַמע שלאָפט. צוגייענדיק מיט שטילע טריט, האָט ער זיך איבער איר בעט איבערגעבויגן. די קראַנקע האָט אויפגעעפנט די ווינקלען פון די האַלב־פאַרמאַכטע, פיבערישע אויגן.

— דו דרעמלסט, מאַמע? — האָט ער איר אַ פרעג געטאָן.

— ניין, מיין זון, — האָט זי היציק, ווי אויפגערעגט עפּעס פון אַ שרעק געענטפערט, — ניין, איך שלאָף ניט. —

— דו ווייסט, מאַמע — האָט אייבראַם, גלעטנדיק איר דעם שטערן, גענומען ריידן. — דו ווייסט, דער פּראָפעסאָר האָט גע־זאָגט, אַז אין עטלעכע טעג וועסטו ווערן געזונט.

— עס קען זיין, מיין זון — האָט זי קרענקלעך עפּעס ווי אַ שמייכל געטאָן — עס קען זיין. — און אָנגעמענדיק זיין האַנט אין אירע, האָבן זיך די ווינקלען פון אירע אויגן צוריק פאַרמאַכט און פלוצים פול מיט שרעק אין איר קול, האָט זי הויך אויסגע־רעדט: — דו ווייסט, מיין זון, איך ווער באַלד זעקס און זיבעציק יאָר. אייביק לעבט דאָך קיינער ניט. געדענק אָבער וואָס איך האָב

דיך געבעטן. — פעסטער האָט זי אים גענומען דריקן די האַנט. אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זיך אָן עמיצן אָנהאַלטן, כדי ס׳זאָל איר זיין גרינגער אַוועקגיין אין דעם לאַנגן, איינזאַמען וועג, אין דער אייביקייט.

אייבראמס אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן, קוקנדיק אויף איר פאַרמעט פנים. אָט דאַכט זיך נעכטן איז זי נאָך געווען יונג. בילדער נאָך בילדער לויפן פאַרביי. אָט זעט ער זיין מאַמען נאָך גאָר אַ יונגע. שלאַנק און הויך, גלייך ווי אַ סאָסנע־בוים. די שיינע רייזל, האָבן אַלע אין שטעטל זי גערופן. ער געדענקט, העלפנ־דיק אַמאָל אין קראָם, ווי די פוילישע פריצים פלעגן זיך ניט קענען אָפּוואונדערן פון זיין מאַמעס שיינקייט.

— ווי אַלט ביסטו, ראָזע ? — האָט איר איינמאָל אַ באַרימ־טער פוילישער פריץ, אַ הויכער, אַ גראָבער, מיט גרויסע, גרויע וואָנצעס, אַ פרעג געטאָן.

— דריי און דרייסיק יאָר — האָט זי אים געענטפערט. ער געדענקט דאָס ווי היינט. אָט שטייט ער אין קראָם און קוקט פאַר־וואונדערט אויף זיין מאַמען. ביי אים איז דאָן דאָס אויסגעקומען אַזוי פיל יאָר, אַזוי אַלט. ער האָט זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז זיין מאַמע איז אַזוי אַלט.

— עס קען ניט זיין, — האָט דער פריץ מאָדנע געשמייכלט.

— עס קען ניט זיין. דו קוקסט אויס פיל יינגער ווי דריי און דרייסיק.

און פלוצים האָט עפּעס אייבראַמען אַ ברען געטאָן אין מח : — נאָך עטלעכע יאָר, נאָך עטלעכע יאָר און איך וועל שוין באַלד אויך זיין זיבעציק און ליגן מסתמא קראַנק אין בעט ווי זי. אַ דאָקטאָר וועט אויך קומען, מיין זון וועט אַרויסגיין נאָכן דאָקטאָר אַ פרעג טאָן ווי עס האַלט. —

ס׳באַפאַלט אים פלוצים אַ מאָדנע שרעק. ס׳הויבט זיך אים אָן דאַכטן, אַז ער ליגט איצט אויך קראַנק אין בעט. אַ דאָקטאָר איז געקומען און זיין זון איז אַרויס פרעגן דעם דאָקטאָר וועגן אים.

— נו, איר פאַרשטייט דאָך, — ענטפערט אים דער דאָקטאָר,
— אַ מענטש לעבט ניט אייביק... זיבעציק יאָר, איר פאַרשטייט.
אַלץ מוז דאָך האָבן אַ סוף אויף דער וועלט. —

ביילע איז מיט שנעלע טריט אַריין אין צימער. די קראַנקע האָט געעפנט די צעשראָקענע אויגן, געקוקט מיט צער, מיט שרעק אויף אייבראַמען און אויף ביילען. צער און אומבאַהאָלפנקייט איז געווען באַהאַלטן אין איר בליק.

— נאַ, מאַמע, נעם די מעדיצין, — האָט איר ביילע דערלאַנגט אַ לעפל מיט אַ שוואַרצן געטראַנק.

— אויף וועמען, מיין טאָכטער, האָסטו פריער דאַרטן געשריען? —

— אויף די קינדער, — האָט ביילע קוקנדיק מיט כעס אויף אייבראַמען אַ זאָג געטאָן — אויף די קינדער. ווען זיי קלייבן זיך אויף, קיין עין הרע, אַלע צוזאַמען, איז פון זיי ניט אויסצוהאַלטן. —

אַלע, די גאַנצע משפּחה, האָבן גענומען אַריינגיין אין צימער. די קראַנקע האָט קענטיק פאַרשטאַנען, וואָס זיי ווילן. און קוקנדיק אַ ווײַלע אויף אַלעמען מיט אירע צעשראָקענע, פיבערישע אויגן, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט גערדאַרפט, קינדער, פאָרן אַהיים. אײַערע קינדער דאַרפן דאָך מאָרגן גיין אין סקול. עס מוז שוין זיין גאַנץ שפּעט. —

מערי, די אינגסטע שנור, דודס פרוי, האָט אַ זאָג געטאָן, אַז זי האָט מורא, אַז די מאַשינען זענען פאַרפראָרן געוואָרן. מ'דאַרף גיין. עס איז אַ מוראדיקע קעלט אין דרויסן. אַלע האָבן גענומען ריידן, אַז עס וועט נעמען לאַנג צו פאָרן אַהיים, ווייל עס איז זייער קאַלט און גליטשיק. מ'וועט מוזן פאָרן זייער לאַנגזאַם. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך פאַרענטפערן, פאַרוואָס זיי ווילן אַלע מיטאַמאָל אַוועקפאָרן.

פול מיט כעס איז ביילע, די עלטערע טאָכטער, געבליבן זיצן. פול מיט פאַראַכטונג האָט זי געקוקט אויף אירע ברידער און שוועגערינס, ווי איינער נאָך דעם אַנדערן פאַרלאָזן די קראַנקע מאַמע.

— זיי פאָרן שוין אַוועק די רייכע מחותנים, באַשטעלט אַ נוירס, אָפּגעגעבן זייער דרשה־געשאַנק, גענוג — נאָך דער חתונה... —

## צווייטער קאַפּיטל

זיצנדיק אין אייבראַמס מאַשין אַ פאַרטרויערטע, האַלב ברוגזע, פאָרנדיק נאָכן טויטן וואָגן פון זייער מוטער צום בית עולם, האָט ביילע די גאַנצע צייט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַ שנעלע גזירה, — האָט זי נאָכאַנאַנד צו זיך גערעדט, געוויגט דעם קאָפּ און געקרעכצט. — אַ שנעלע גזירה, גאָר קיין צייט ניט געהאַט עפּעס צו טאָן פאַר איר. —

און אַז אייבראַם האָט איר אַ פרעג געטאָן: — וואָס האָסטו געוואָלט מ׳זאָל טאָן? דאַכט זיך, אַז מ׳האָט אַלץ געטאָן. די בעס־טע דאָקטוירים האָט מען דאָך צו איר געהאַט אין די פינף טעג. אַ פּאָר מאָל אַ פּראָפעסאָר אויך געבראַכט. וואָס נאָך האָט מען גע־קענט טאָן?

— אה! — האָט ביילע אַרויסגעקרעכצט — מ׳האָט אַ סך געקענט טאָן. מ׳האָט געדאַרפט די וועלט אויפטרייסלען, אין בית מדרש לויפן, צדקה טיילן, אויפן בית עולם זיך צוכאַפּן, קברים רייסן. וואָס מיינסטו, די וועלט איז שוין אין גאַנצן הפקר? —

— נו, ווער האָט דיך ניט געלאָזן? — האָט אייבראַם, ניט קענענדיק זיך איינהאַלטן פון אירע נאַרישע רייד, האַלב שפּאָטיש מיט פאַרביטערטקייט אַ זאָג געטאָן.

— אַ גרויסן דאַנק דיר, וואָס דו דערלויבסט מיר איצט דאָס צו טאָן. דו מיינסט, — האָט זי מיט כעס אויף אים אַ קוק געטאָן, — אַז איך האָב זיך געקענט צערייסן? דענקסטו, אַז איך האָב גע־קענט זיין אַרום דער מאַמען, אויפפּאַסן אויף איר און נאָך לויפן אויפן בית עולם?

— איך האָב דאָך געזאָגט, אַז מ׳זאָל נעמען אַ נוירס, — האָט אייבראַם אומגעדולדיק איר איבערגעשלאָגן די רייד. — און די

נוירס וואָלט אויף דער מאַמען אויפגעפּאַסט ניט ערגער ווי דו, אַזוי אַז דו וואָלסט געקענט טאָן, וואָס דו האָסט געוואָלט: לויפן אין בית המדרש, גיין אויפן ביתעולם, רייסן קברים. ביסט דאָך געוואָרן אין כעס, ווען איך האָב דערמאָנט וועגן אַ נוירס. דו האָסט דאָך גאָרניט געוואָלט הערן וועגן דעם. נאָר דו אַליין האָסט געוואָלט זיין אַרום דער מאַמען. דו האָסט דאָך קיינעם ניט געלאָזן אפילו דיך איבערבייטן אויף אַ ווײַלע. —

— נו, זאָל זיין אַזוי, דו ביסט גערעכט, — האָט ביילע, נאָך אַלץ שאָקלענדיק איר קאָפּ, גענומען ריידן, — זאָל זיין, אַז דו ביסט גערעכט. דו און דיינע ברידער זענען דאָך אַלעמאָל די גערעכטע און ביילע איז די משוגענע און די שלעכטע, וואָס פאַרגינט אייך קיינמאָל ניט. וואָס איז, פאַרוואָס דאַן, ווען דער טאַטע, עליו השלום, איז קראַנק געוואָרן דעם ערשטן מאָל, ווארום האָבן מיר אים דאַן אָפּגעראַטעוועט? — דער דאָקטאָר האָט דאָך דאַן געזאָגט, אַז עס איז שוין ניטאָ וואָס צו טאָן. פונדעסטוועגן איז וואָס, האָבן מיר אים דאַן ניט אָפּגעראַטעוועט? געלאָפן אויפן בית עולם, געריסן קברים און דיך האָבן מיר דאַן אין בית המדרש אויסגעריכט. געדענקסט? דו ביסט צוויי טעג נאָכאַנאַנד געזעסן אין בית המדרש און געזאָגט תהילים. וואָס, דו געדענקסט ניט? און איצט פאַר דער מאַמען האָסטו קיין צייט ניט געהאַט, שטענדיק ביסטו פאַרנומען מיט דיינע געשעפטן. ווען מ׳האָט דיר אָנגעזאָגט, אַז די מאַמע איז קראַנק, ביסטו געקומען אין דער מאַשין אַן אויסגעפּוצטער מיט דער ווייב ווי צו אַ חתונה. אמת, האָסט געבראַכט אַ דאָקטאָר, אַ פּראָפעסאָר. קומט דיר אַ דאַנק דערפאַר? אַ שפּאַס, וואָס מ׳האָט געטאָן פאַר דער מאַמען. האָסט געזאָגט, אַז מ׳דאַרף נעמען אַ נוירס. עס לוינט זיך טאַקע צו האָבן קינדער און נאָך אַזעלכע קינדער ווי איר — האָט ביילע מיט כעס געענדיקט.

אייבראַם האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: — אַלעמאָל געווען אַ משוגענע — האָט ער צו זיך

אַליין אַ זאָג געטאָן — ניטאָ מיט וועמען צו ריידן — ער האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַר, פאַררויכערט און זיך פאַרטראַכט.

— יאָ, אָט אַזוי איז דאָס — האָט ער פאַר זיך געמומען טראַכטן — אַזוי איז דאָס — אַלץ איז אַ חלום. געווען אַמאָל אַ טאַטע, אַ מאַמע און אַ זיידע און אַ באָבע. ער געדענקט אַפילו זיין עלטער־זיידן, ר׳ אליהו מאיר, דעם דיין פון שטעטל. געווען אַ הויכער ייד מיט אַ שווערער, שטאַרקער בייגערדיקער נאָז, מיט אַ געדיכטער, גראָבער באָרד. ער געדענקט ווי שבת אָדער יום־טוב, שפילנדיק זיך מיט די קינדער אין גאַס, פלעגט ער אים דערקענען פון ווייטנס. דער זיידע פלעגט גיין מיט דער אַרויפגעוואָרפענער אַט־לאַסענער קאַפּאָטע אויף זיינע קרומע אַקסלען, איין זייט פון דער קאַפּאָטע פלעגט זיך שטענדיק שלעפּן ביי אים אויף דער ערד. ער געדענקט: ער זעט פון ווייטנס ווי דער עלטער־זיידע הויבט אַלע ווײַלע די פּאָלע. ער וויל ניט די פּאָלע זאָל זיך שלעפּן איבער דער ערד. נאָר די פּאָלע פאָלגט אים ניט. ווי ער לאָזט זי אָפּ, שלעפּט זי זיך צוריק אויף דער ערד.

— דאָס קומט ער מיר פאַרהערן — פלעגט ער אַ טראַכט טאָן און אויפהערן זיך צו שפּילן. ער דערמאָנט זיך ווי אומעטי־קער ער פלעגט דאַן ווערן. דערשראָקן פלעגט ער בלייבן שטיין ביים טיר פון זייער שטוב. ער פלעגט קוקן מיט אַרונטערגעלאָ־זענע אויגן אויף די קרומע, צעדרייטע אַקסלען און אויף דער גלאַנציקער קאַפּאָטע, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט איין זייט אַרונטערהענגענדיק אויף דער ערד. אַ געדאַנק אַ בייזער, אַ שלעכ־טער, פלעגט זיך ביי אים פאַרגנבענען אין זיין קינדערשן מוח: וואָס פאַר אַ טייערע זאַך עס וואָלט איצט געטראָפן, ווען זיין עלטער־זיידע וואָלט פלוצים געשטאָרבן. ער וואָלט פטור געוואָרן אַלע שבת און יום טוב פון די פאַרהערענישן, ער וואָלט געווען פריי ווי די איבעריקע קינדער פון גאַס.

און אָט זיצט ער שוין אין הויז ביים ספר. דער עלטער־זיידע האָט אויסגעטאָן זיין גלאַנציקע קאַפּאָטע, זיצט עפּעס אין

אַן אַנדער סאָרט קאַפּאָטע אויך אַ גלאַנציקע, אַרומגעבונדן מיט אַ גאַרטל פון פרענדז, ער האָט אַזאַ סאָרט גאַרטל נאָך קיין מאָל פריער ביי זיין זיידן ניט געזען, ער עפנט אויף פּאַמעלעך דעם ספר. מישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, קוקט זיך איין און מישט ווייטער. קענטיק ניט דאָס מיינט ער. ער גיט אַ קוק אויף מיר און הערט אויף צו מישן די בלעטער.

— נו, שגץ — גיט ער פּלוצים אַ זאָג — שטיפן קענסטו גאַנץ גוט. איך האָב געזען פון ווייטנס. לאָמיר זען, וואָס נאָך דו קענסט.

אָט האָט דער עלטער־זיידע מיך ווידער אָנגערופן שגץ און צוגעלייגט אַ קניפּ אין באַק. קענטיק, אַז איך האָב אַלץ ריכטיק ווי עס באַדאַרף צו זיין געענטפערט. די יונגע מאַמע דערלאַנגט כיבוד. אירע שוואַרצע, גרויסע אויגן זיינען אָנגעפילט מיט פרייד.

— נו, וואָס זאָגט איר, זיידע? — רופט זיך פּלוצים אָפּ דער טאַטע, גלעטנדיק זיין שוואַרצע, קורצע באָרד. דער זיידע ענטפערט ניט. ער קנייטשט דעם גרויסן שטערן, שאָקלט מיטן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ. און קוקט אין באָרד, קענטיק, אַז ער איז יאָ אַ ביסל צופרידן.

אייבראַם דערמאָנט זיך, ווי אומפאַרשטענדלעך, ווי פרעמד פלעגט אים אויסקוקן, וואָס זיין טאַטע, אַ ייד מיט אַ באָרד, האָט אויך אַ זיידן. און אָט איז אויס זיידע, אויס באָבע, אויס טאַטע, אויס מאַמע. עפּעס זיך גאָרניט אַרומגעזען און ווי זיי און נאָך פילע פריינט און קרובים זיינען אַלע פאַרשוואונדן, אַזוי שנעל אַוועק. און אָט איז ער שוין אַליין אַ זיידע. די גאַנצע זאַך קוקט אים אויס ווי אַ חלום. אפשר טאַקע איז עס ניט מער ווי אַ חלום, גיט ער אַ טראַכט. אפשר האָב איך גאָר קיינמאָל ניט געהאַט קיין זיידן, קיין באָבען, קיין טאַטן, קיין מאַמען? דאָס פירט מען ניט מיין מאַמען אין דעם טויטן וואָגן, נאָך וועלכן איך פאָר נאָך. דאָס פירט מען אַ פרעמדן מענטשן.

ביילע האָט אים אַ צי געטאָן ביים האַנט — אייבראַם, דו דרעמלסט ? וואָס קרעכצסטו אַזוי ?

אייבראַם האָט זיך אַרומגעקוקט, פונאַנדערגעעפנט ברייט זיינע אויגן. ער האָט געקוקט אויף ביילען, פונקט ווי ער וואָלט איר שוין ניט האָבן געזען פילע, פילע יאָרן, געקוקט אויף איר אַלטן צעקנייטשטן פנים, אויף די שיטערע, גרויע האָר אויף איר קאָפּ און האָט זיך געוואונדערט. אַ רחמנות האָט זיך ביי אים דערוועקט צו זיין נאָך ניט אַלטער, פאַרוועלקטער שוועסטער. ס׳האָט אים ווייי געטאָן צו זען, ווי אַלט זי איז געוואָרן אין אַ קורצער צייט. עס איז ממש איר שווער צו דערקענען. ווער וואָלט דאָס געזאָגט, אַז דאָס איז די אַמאָליקע שיינע ביילקע. זי קוקט דאָך איצט אויס ווי אַן אַלטע באָבע. זי קוקט איצט אויס ווי די באָבע פריידקע.

— דו ווייסט, ביילקע — האָט אייבראַם מיט אַ קרעכץ אַ זאָג געטאָן, — דו קוקסט איצט אויס ווי די באָבע פריידקע, דיר צו לענגערע יאָר. —

— און דו אייבראַם — האָט ביילקע מיט רחמנות אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — דו קוקסט איצט אויס ווי דער עלטער־זיידע ר׳ אליהו מאיר. אַלעמאָל קוקנדיק אויף דיר, איבערהויפּט איצט, ווי דו האָסט גענומען ווערן עלטער, דאַכט זיך מיר, אַז איך זע דעם זיידן. מער ניט זיין שווערע באָרד פעלט דיר. —

ווי פאַרגליווערט זיינען זיי ביידע געבליבן זיצן, קוקנדיק פאַרוואונדערט איינער אויפן צווייטן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך שוין אַ סך יאָרן ניט געזען. די אויגן זיינען ביי זיי פלוצים פול גע־וואָרן מיט טרערן. די הענט האָבן זיך לאַנגזאַם גענומען צע־שפּרייטן און פלוצים האָבן זיי זיך ביידע אַרומגענומען און זיך צעוויינט הויך אויפן קול.

# בילדער פון שטעטל

## בתי־מדרשים

אַ שול־הויף פאַרבויט מיט דריי בתי מדרשים, אַ גרויסער מאַרק פאַרבויט מיט הילצערנע קראָמען און זיבן קרומע גאַסן האָבן זיך געדרייט און געשלענגלט פון מאַרק אין אַלע זייטן און פאַר־פאַלן געוואָרן ערגעץ ווייט, גאַנץ ווייט, העט, העט איבערן בית עולם אין די גויאישע קאָרן־פעלדער.

ניט אַלע בתי מדרשים האָבן געהאַט דעם זעלבן מזל. די הויפּט הייליקייט, די הויפּט קדושה איז געלעגן אין דעם גרויסן געמויערטן בית המדרש: דער געשניצטער, שווערער, דעמבענער ארון קודש, וואָס איז געשטאַנען איינגעמויערט אין מזרח־וואַנט מיט די צוויי גלאַנציקע קופּערנע אויסגעהאַמערטע לייבן, וואָס מיט זייערע קעפּ האָבן זיי אונטערגעשפּאַרט די סטעליע, האָבן דער־מאָנט דעם „נצח ישראל" — פעסטקייט און שטאַרקייט. דאָ אין דעם בית המדרש האָבן געדאַוונט די הויפּט באַלעבאַטים פון שטעטל: חיים מאיר דער וואַלד־סוחר, מיכל דער תבואה־הענדלער, ישעיה דער בעל קאַראַבקע, דוד שלמה דער אייזן־קרעמער, משה נחמן דער וואַ־כערניק און ברוך און מאיר די רייכע שענקאַרעס. אפילו הינטער דער בימה איז אויך ניט געשטאַנען אַבי ווער: משה גימפּלס, נח אברהם, פּנחס און אבא דער הינקענדיקער. אַלע באַוואוסטע מענטשן ווי גמרא־מלמדים און סתם שיינע יידן, שדכנים, מעקלערס, יידן, וואָס דרייען זיך אַרום אין מאַרק, קויפן אַמאָל אַ שטיקל לייוונט, אַ בינטל חזיר־האָר, אַ קראַנץ ציבעלע, שוועמלעך — סוחרים, זיי אַלע האָבן געדאַווענט אין גרויסן בית המדרש.

דער צווייטער בית המדרש, דער נייער, ווי ער האָט געהייסן

ביי אונדז אין שטעטל, האָט שוין ניט געהאַט אַזאַ פאַרנעם, אַזאַ קדושה. דאָ האָבן שוין געדאַוונט און געהאַט שטעט באַלמעלאָכעס אויך און ניט נאָר אונטערן בימה, נאָר טאַקע אויבן אָן. דער רייכער שניידער עליע פעטערבורגער און חיים דער סטאָלער זענען שוין געזעסן אין סאַמע מזרח־וואַנט. אמת, די הויפּט באַלעבאַטים, די פּני, האָט דאָס זייער געקרענקט. זיי פלעגן קוקן מיט אַן איראָנישן שמייכל ווי עליע פעטערבורגער און חיים דער סטאָלער וויקלען זיך איין, מעשה געהויבענע באַלעבאַטים, אין זייערע מיט זילבער־באַ־פּוצטע טליתים. — פרעמדע האָבן פאַרנומען אונדזער נחלה — פלעגן זיי מורמלען און שאָקלען מיט די בערד.

איבערהויפּט איינער אַן אַלטער באַלעבאָס, משה יידל כוואַלעס, ער האָט זיך ניט געקענט באַרואיקן פאַר אַ לאַנגער צייט. „ס'איז אַ חילול השם”, האָט ער זיך איינמאָל, ניט ווילנדיק, פון כעס אַרויס־גערעדט. „עס איז דאָך ניט שייך, מ'טאָר אַזוינס אויף יידן ניט זאָגן, אָבער דאָך וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז שניידער, טשעסלאַרעס זאָלן זיצן אין אַ באַלעבאַטישן בית מדרש אויבן אָן זאָלן זיי גיין וואו זיי באַלאַנגען, וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף אונדז, געהערט אַ מעשה ?

ניט איינמאָל קומענדיק אַהיים פון בית המדרש, פלעגט דער אַלטער משה יידל כוואַלעס אויסלאָזן זיין כעס צו זיין ראָכען, טשע־פּען זיך צו איר. דאָ איז אים דער קרופּניק אַ ביסל צו שאַרף און דאָס איז אים די פיש־בולבע צו פעפערדיק. די אַלטע ראָכע האָט שוין געוואוסט. „מסתמא, פלעגט זי צו זיך אַליין אַ זאָג טאָן, האָט ער שוין ווידער געהאַט אַ פאַרדראָס אין בית המדרש, אַ שפּיצל, ווער אָפּגעטאָן. ער איז נעבעך די לעצטע צייט פאַרביטערט. נו, לאָזט ער אויס זיין כעס צו מיר, צו זיין ווייב”.

דער דריטער בית המדרש האָט געהייסן — דער שניידערשער. אמת, די שוסטער האָבן דאָרט אויך געשפּילט אַ ראָלע. געווען אַ צייט, ווען ר' איצעלע ארקעס, דער הויפּט פון דער שוסטערשער משפּחה, איז געווען גבאי. דער בית המדרש אָבער האָט זיך גערופן

דער שניידערשער. ניט איינמאָל האָבן די שוסטער פּראָטעסטירט, געררעדט און געמאָנט, וואָס דער בית המדרש טראָגט ניט זייער נאָמען אויך.

אָבער די שניידער האָבן זיך ניט געלאָזט איבעררריידן.

„צוליב וואָס, פלעגט זלמן זאסטאק, אַן אַלטער שניידער, אַ לץ, וואָס האָט געהאַט אַ קוויטשעדיקן קול, אַ זאָג טאָן — צוליב וואָס אָנטשעפּען נאָך אַ נאָמען אויף אונדזער קליינעם בית־המדרשל? ווער ווייס צי זיינע שוואַכע הילצערנע, צעפוילטע ווענט וועלן קאָנען אויסהאַלטן אַזאַ לאַנגן און שווערן נאָמען. אַ געלעכטער אויסצוריידן דער שניידערשער שוס־טערשער בית המדרש!

דעם עולם שניידער געפעלט דער ענטפער. מ׳ווינקט זיך איבער: דער אַלטער זלמן ווייסט וואו מ׳דאַרף צופּרעסן.

# פאַרטאָג אין בית המדרש

קנייטשנדיק דעם גרויסן שטערן הויבט זיך אויף משה־לייב דער לאַנגער, פאַרבויגט דעם דף און פאַרמאַכט דעם ספר. ער גיט אַ קוק אויפן זייגער און טשמאָקעט: הייסט דאָס עס איז שפּעט... נעמט אַרויס די ליולקע מיטן גרויסן ציבעק פון בוזים־קעשענע, פילט אָן מיט טאַבאַק און קוועטשט איין מיטן גראָבן פינגער; טוט אָן אייַלנדיק דעם אַלטן פוטער און האָרבעט זיך איין אַזוי ווי ער וואָלט זיך פילן צו גרויס פאַר זיין אַלטן בגד; פאַררויכערט די ליולקע ביים נר תמיד און גייט אַוועק אַהיים.

שטיל און אומעטיק איז איצט אין בית מדרש. די קלויזני־קעס ליגן צונויפגעדרייט אויף די האַרטע בענק און שלאָפן. זרח איציק דער אונטער־שמש ליגט אויסגעצויגן ביים אויוון, איבער־געדעקט מיט זיין אַלטן סאָלדאַטסקן „שינעל" כראָפּעט און בורטשעט. קריגט זיך קענטיק מיט וועמען אין שלאָף. דער ווינט קלאַפּט אין די פענצטער און זעצט מיט כעס אין טיר. דאָס פייערל אין נר תמיד האָט זיך קענטיק דערשראָקן. וואַרפט זיך אין אַלע זייטן אַזוי ווי ער וואָלט זוכן אַן אָרט דורך וואַנען צו אַנט־לויפן און עס פליען אַרום געשטאַלטן, שאָטנס שפּרינגען און טאַנצן אויף די ווענט. דראַפּען זיך אַרויף אויפן סטעליע, קייקלען זיך אַראָפּ ווי אַ קנויל און ווערן פאַרשוואונדן אין דער פינצ־טערניש.

שטיל, פאַרטראַכט ביים ספר זיצט משה־בער דער פּרוש און גלעט מיט זיין דאַרער ביינערדיקער האַנט זיין גרויסן ווייסן

שטערן, אַזאַ טבע האָט ער שוין. ווען ער איז פאַרמוחט, גלעט ער דעם שטערן. דאָס איז — פלעגט ער זאָגן — אַ סגולה צו מחשבות זרות. ער ציט אַרויס אַ האָר פון זיין לאַנגער באָרד. דרייט און דרייט זי מיט זיינע דאַרע פינגער און לייגט זי אַוועק אויפן בלאַט פון ספר. די האָר פאַנגט אָן זיך אָפּצודרייען פון זיך אַליין ווי אַ שלאַנג און ער קוקט און מורמלט פאַר זיך: גלגול החוזר.

פלוצים אַ גוואַלד, אַ יללה אַזוי ווי אַ שווערע משא וואַלט אַראָפּגעפאַלן אין בית מדרש. דאָס שרייט און קלאָגט אין אָרון־קודש אַריין רחל דוד־בערס וויב. וועלכער איז מסוכן קראַנק: גוואַלד, גאָטעניו — שרייט זי — העלף מיין דוד־בערן, אַ טאַטע פון זעקס קליינע קינדער.

די שאָטנס האָבן זיך איבערגעבויגן אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט הערן וואָס מען וועט ענטפערן פון אָרון־קודש. דער אַל־טער וואַנט־זייגער איז אויך פלוצים שטיל געבליבן. אַ מאָדנע שטילקייט, אַ שווערע, פול מיט שרעק און דערוואַרטונגען האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דעם אַלטן בית מדרש.

יואל־יונה דער מרה־שחורהניק הויבט זיך אויף פון זיין געלעגער, שאַרט זיך צו צום אָרון־קודש, קוקט אין אים אין דער טונקלקייט אַריין. בלייבט שטיין ביים עמוד וואו צוויי נשמה־ליכט ברענען און צאַנקען, וואַרפן משונהדיקע שאָטנס אויפן פּרוכת. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער לופטן און שאַרט זיך צוריק אַוועק.

בלויז דוד דער ראַקאָווער, דער שטאָט־משוגענער, שלאָפט ניט. ווי קען מען שלאָפן, זאָגט ער, אַז איך האָב אַזויפיל אוצרות. ווי קען מען אַליין לאָזן אויף הפקר און שלאָפן. זיצט ער און קלייבט איבער דעם ברויט פון זיין טאָרבע. לייגט דאָס ווייסע ברויט באַזונדער און דאָס שוואַרצע באַזונדער. עפנט דאָס מויל משונהדיק און לאַכט אַזוי מאָדנע צו יעדן שטיקל ווייסן

ברויט. וואָס ער לייגט אַוועק. ער וואַרפט פלוצלונג אַ בייזן בליק אויפן פּרוכת און שטעלט אַרויס אַ צונג. קענטיק, ער רייצט זיך דאָס מיט די שאָטנס.

לאַנגזאַם הויבט זיך אָן צו רודערן אין בית מדרש. די קלויזניקעס שטייען אויף פון זייערע געלעגערס. שמחה־ליפּעס, משה כאַשקעס, דוד דער קליינער האָבן זיך גענומען צום תהילים. הויך אויפן קול האָבן זיי גענומען זאָגן: „מיינע אויגן זיינען תמיד צו גאָט. אָ, מיין גאָט, קער זיך צו מיר און לייטזעליק מיך. וואָרום עלנט און אָרעם בין איך".

דער מרה־שחורהניק האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, פינטלט מיט די אויגן, און קוקט אין דער וועלט אַריין. זרח־איציק דער אונטערשמש מאַכט דעם גרויסן אויוון און בורטשעט אונ־טער אַ סאָלדאַטסקע לידל.

באַלעבאַטים האָבן זיך גענומען קלייבן צום דאַוונען. די קאַלטע ווינטערדיקע זון האָט אַריינגעקוקט אין די פענצטער און האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויף די ברודנע ווענט ווי אַ שמייכל אויף אַ קראַנקן פּנים און האָט זיך באַהאַלטן צוריק. קענטיק, זי האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם אויסגעשריי: מה טובו אהליך יעקב...

## ערב יאַריד

עס רודערט זיך אין שטעטל. ק. שלאָפט ניט. דער גרויסער יאַריד קומט אָן. אַלע זיינען פאַרנומען, פאַרהאַוועט, פאַרשמייעט. די גרויסע שניידערשע משפחות: די קאַטאָקס, די שטופּאַקס, און די באַשלוקס האָבן שוין פאַרנומען זייערע ערטער, אויפגעשטעלט ביידלעך, אויסגעלייגט סחורה. שמואל קאַטאָק, דער זיידע פון דער גרויסער, פאַרצווייגטער שניידערשער משפחה שטייט ביי זיין ביידל פאַרזאָרגט. די לאַנגע, דאַרע, שניידערשע הענט אַריינגערוקט אין די ברייטע אַרבל פון זיין פלאַשטש. קוקט אויפן הימל פאַרזאָרגט און טשמאָקעט:

„האַ, וואָס זאָגסטו, זישע — וועגדט ער זיך פלוצים צו זישע דעם קירזשנער, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון אַמעריקע — קוקט ניט אויס דער הימל אויף אַ רעגן ?

„איך ווייס — גיט זישע אַ זאָג שמייכלענדיק שפּאָטיש אין זיין שוואַרץ בערדל — שווער צו זאָגן. אַמאָל יאָ און אַמאָל ניט". אין אַמעריקע איז דאָ אַ וועטער־נביא און ער טרעפט אויך ניט.

דעם אַלטן קאַטאָק געפעלט ניט דער טאָן פון זישע דעם קירזשנערס ענטפער. ער נעמט אַרויס די דאַרע טרייסלענדיקע הענט פון די ברייטע אַרבל פון זיין פלאַשטש, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך באַפרייען פון עפעס, שווייגט אַ ווײַלע און גיט פלוצים אַ זאָג:

„ביסט אַ חכם געוואָרן זישע, האַ? געבראַכט עטלעכע קערבלעך פון אַמעריקע, וויצלסטו זיך. מיט אַן אַלטן מאַן. וואַרט, וואַרט, עס וועט ניט לאַנג נעמען און דו וועסט דאַרפן פאָרן צוריק".

עטלעכע קליין־הענדלער דרייען זיך אַרום איבערן מאַרק, זוכן אויף די באַקאַנטע גויים מיט וועמען זיי האַנדלען גאַנץ אָפט. זיי שמועסן, ריידן זיך דורך אַזוי אין דער וועלט אַריין, פרעגן ביי די גויים וואָס הערט זיך ביי זיי אויפן דאָרף, וואָס מאַכן די קינדער, די ווייב, ווי אַזוי ס׳איז געוועזן די גערעטעניש.

פאַרבייגייענדיק שטיל גיט מען פון דער זייט אַ פרעג אַ פויער:

„געבראַכט אפשר עפּעס צו פאַרקויפן, פּאַניע כאַמיאַנקע?"

„ניין, ענטפערט דער גוי, ניטאָ קיין איבעריקס וואָס צו פאַר־קויפן. דאָס הויז־געזינד איז גרויס — קוים גענוג ברויט פאַר זיך. ס׳איז אַזאַ לאַנגער ווינטער. אַ קליין חזירל האָב איך אין וואָגן, אָבער דאָס איז ניט פאַר דיר קיין סחורה".

„יאָ, ניט פאַר מיר, — שאָקלט צו דער ייד טרויעריק מיטן קאָפּ — חזיר איז ניט קיין האַנדל פאַר מיר".

אין די שענקען איז מען אויף די גאַנצע נאַכט. די גרויסע בליך־לאָמפּן, וואָס מ׳האָט ניט לאַנג אַראָפּגעבראַכט פון דער גרויסער שטאָט, ברענען מיט פולער קראַפט און מאַכן ליכטיק אַרום און אַרום. די שיטערע בלאָטע פון מאַרק שיינט, שפּיגלט זיך אין ליכטיקייט. די דריי שטאָטישע הויפּט־קעכינס דאָבע־הינדע, גנעשע און רבקה, זיינען פאַרהאָרעוועט, פאַרטאָן, פאַרשוויצט. מ׳קאָכט מ׳בראָט, מ׳אַרבעט אויף אַלע כלים. די קליידלעך ביי די קעכינס זיינען פאַרקאָשערט, פאַרהויבן, פאַרשטעקט אויף איין זייט. אַ מולטענע קאַלאָשע פון דאָבע־הינדעס וואַטאָווע אונטערהויזן זעט זיך אַרויס און עס דוכט זיך, אַז ביי דער הויכער, ברייטער, שווערער דאָבע־הינדען וואַקסט אַ דריטע פוס.

# אברהם עליע

אויך ביי אברהם עליע דעם בעקער שלאָפט מען ניט. מ׳גרייט צו געבעקס צום יאָריד. די אַלטע חיה־לאה שטייט ביים אויוון און האָדע די קורצע מיט די גראָבע, צעדרייטע הענט פורעמט, קייקלט אויס די בייגל און דערלאַנגט צום אויוון. אברהם עליע שאַרט זיך אַרום מיט די גרויסע, שווערע וואָליקעס, וואָס ער טראָגט כמעט אַ גאַנץ יאָר, איבערן שטוב. ער זויגט די ליימענע לולקע דורך דעם קליינעם ציבעק, וואָס ער מאַכט אַליין פון אַ צווייגל און שפּייט נאָך יעדן צי מער אויפן באָרד ווי אויפן דיל. ער קוקט אויף דער קורצער, גראָבער האָדען ווי זי דרייט זיך ווי זי בויגט זיך נאָכאַנאַנד דערלאַנגענדיק חיה־לאהן די געבעקס. אַ מענטש אָן שכל, גיט אַ זאָג אברהם עליע שטילערהייט צו זיך אַליין, ניטאָ מיט וועמען צו ריידן. געמאַכט אַן עפּענונג אין וואַנט זי זאָל זיך ניט דרייען און בויגן, מאַטערן זיך, און זי טוט זיך אירס.

„האָדע! וואָרום גיסטו ניט די געבעקס דורך דער עפענונג? וואָרום, צוליב וואָס דרייסטו זיך און בויגסט זיך?״

האָדע עפנט אויף די האַלב פאַרשלאָפענע אויגן און קוקט אים אָן, שווייגט אַ ווײַלע און גיט פּלוצים אַ זאָג:

„וואָס איז די נפקא־מינא, ר׳ אברהם עליע, ווי מ׳טוט? עס איז שוין אַזוי אויך קיין כוח ניטאָ״.

אברהם עליע גיט אַ הויב די אַקסלען און שווייגט. ער שטייט

אַ ווײַלע אויף איין אָרט, בויגט איין זיין שווערן, אַלטן קערפּער, קוקט ווי די בייגל באַקן זיך און רויטלען זיך אין אויוון.

„דו ווייסט, חיה־לאה — גיט ער פּלוצים אַ זאָג — דו קערסט איבער די בייגל? פּרואוו זיי ניט קערן".

די אַלטע חיה־לאה פרעגט איבער: „האַ, וואָס זאָגסטו?"

נאָר אברהם עליע רעדט מער ניט, שווייגט. ער נעמט אַרויס אַ בייגל פון קאָרב, באַטראַכט און גיט אַ מאַך מיטן האַנט. ער שאַרט זיך אַוועק צוריק איבערן שטוב, פּיפּקעט די לולקע און שפּייט מער אויפן באָרד ווי אויפן דיל.

# לייב מרדכי דער קצב

לייב מרדכי דער קצב האָט זיך אַרויסגעלאָזן איבערן שטעטל, לויפט אַרום ווי אַ פאַרסמטער, זוכט וואו צו לייען אַ גמילת חסד — אַ פּאָר קערבלעך אויפן יאַריד, כאַפּט זיך אַריין אין איין אָטעם צו יאָסל דעם שענקער אין שטוב.

„האַ, וואָס — ווענדט ער זיך צו זיין קרובה, צו יאָסלס ווייב, צוביילען — ר׳ יוסף איז נאָך ניטאָ? זיצט אין בית מדרש, האַ? עס איז מקנא צו זיין אים. הלוואי קען איך אויך זיצן אין בית מדרש״.

„לייב מרדכי, נעמט אַ טרונק בראַנפן און פאַרבייסט מיט אַ שטיקל הערינג. גוטע הערינג, אַ מאכל!״

„וואָס, אַליין געמאַרינירט? דו ווייסט, ביילעטשקע, אַז אונדזער משפחה האָט ר׳ יוסֿפן ניט אָפּגענאַרט, ניטאָ וואָס צו ריידן. ס׳איז אַ גאָט־בענטשונג אַזאַ ווייב ווי דו, אַז ס׳גייט אַ מענטשן, גייט״.

ביילקע שמייכלט, ענטפערט ניט. זי פאַרשטייט, צו וואָס ער צילט.

„דו ווייסט, ביילקע — גיט ער אַ זאָג נאָך אַ ווייל שווייגן און קוקנדיק אויף דער בייכיקער פלאַש בראַנפן, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים — עס איז קאַלט! קענטיק דער לוח האָט געטראָפן. ער שרייבט טאַקע, אַז ס׳וועט זיין אַ קאַלטער ווינטער.

לייב מרדכי נעמט נאָך אַ טרונק בראַנפן. ער ווישט אָפּ מיט זיין שווערער קצבישער האַנט די וואָנצעס מיט דער באָרד און פאַר־הוסט זיך, הוסט זיך אויס און גיט אַ זאָג:

„שאַרפע בראָנפן! וואָס, זעכציקער? ניטאָ וואָס צו ריידן, זעכ־ציקער איז טאַקע זעכציקער".

זיינע אויגן שיינען אויף, ווערן מיטאַמאָל אויפגעלויכטן, גאָר־ניט צו דערקענען, גאָרניט דער אומעטיקער, פאַרזאָרגטער לייב מרדכי. ער גיט אַ וויש אָפּ נאָך אַמאָל די וואָנצעס און רופט זיך אָן:

„מיר וועלן מאָרגן, מירצאַשעם, האָבן אַ שיינעם יאַריד. פון אַלע גאַסן ציען זיך פורן אין שטעטל. דער מאַרק איז שוין אָנ־געפּאַקט מיט וועגענער. עס איז שוין שווער דורכצו גיין. מ׳וועט לייזן געלט".

„הלוואי — שאָקלט צו מיטן קאָפּ ביילע, יאָסלס ווייב — יידן דאַרפן פּרנסה".

„איר ווייסט, — גיט אַ זאָג לייב מרדכי מיט אַ נאָך מער געהויבענעם טאָן ווי ער האָט אָנגעפאַנגען — מ׳וועט טאַקע לייזן געלט".

— דו ווייסט, ביילעטשקע, איך האָב פון דיר געוואָלט האָבן אַ טובה — אַ קליינעם גמילת חסדל. מיר פעלט אַ פּאָר קערבלעך. צום מסחר גלייך נאָכן יאַריד, מירצעשעם, ברענג איך דיר אָפּ די געלט מיט אַ גרויסן דאַנק און מיט אַ קישקע אויף שבת. דו ווייסט, איר וועט פון דעם גמילת־חסד האָבן מער ווי איך, נאָר איך פאַרגין אייך דאָס מיטן גאַנצן האַרצן. איר וועט קריגן אייער געלט נאָך דעם יאַריד מיט אַ גרויסן דאַנק און איר וועט נאָך האָבן אַ גרויסע מצווה אַלס צוגאָב. אַ קלייניקייט די מצווה פון גמילת־חסד! —

ביילקע שווייגט, קוקט אויף אים און ענטפערט ניט. לייב מרדכי פאַרלירט פלוצלונג זיין פריילעכקייט, ער לאָזט אַרונטער די אויגן, פאַרשעמט זיך פאַר איר בליק.

— איך וועל אייך באַצאָלן, גיט ער אַ זאָג נאָך אַ ווײַלע שווייגן מיט אַן אומעטיקן קול, שרעקט זיך ניט. גלייך נאָכן יאַ־ריד וועל איך באַצאָלן. אויב דו ווילסט, וועל איך ברענגען אַ משכון, מיין ווייבס פערל. נאָר איך ווייס, אַז ר׳ יוסף וועט ניט וועלן

פאַרלירן די מצווה פון גמילת־חסד. אַזעלכע מצוות וואָלגערן זיך ניט. הלוואי האָב איך וואָסערע הונדערט אַזעלכע מצוות, וואָלט איך שוין גאָרניט געדאגהט. עפּעס גייט מיר ניט גוט: אַ קינד קראַנק געווען אַ לאַנגע צייט, געמוזט ראַטעווען. צום שלימזל ווערט ביי מיר די לעצטע צייט אַלץ טריף. דו ווייסט דאָך, אַז עס הויבט אָן צו אַ מנטשן זיך קלעפּן — קלעפּט זיך. —

— ווער האָט עפּעס צו אייך, ר' לייב מרדכי? — האָט זיך ביילע פאַרענטפערט מיט אַ האַלב אומעטיקן קול. — איך זאָג דען, אַז איר וועט ניט באַצאָלן. מ'דאַרף דאָך אָבער האָבן וואָס צו לייען. מ'דאַרף פריער לייזן געלט און נאָכדעם קומען ריידן וועגן מצוות. —

לייב מרדכי שווייגט, עפנט האַסטיק די טיר און גיט אַ זאָג:

— אוי דאַרף מען האָבן! —

## עס איז דאָ פון וואָס צו ריידן

עס איז פריילעך אין שטעטל. ק. גייט אויף רעדלעך. צווישן די צוויי זיילן הילצערנע קראָמען איז לעבעדיק, פריילעך — עס איז פאַראַן פון וואָס צו ריידן. די קלעזמער, די שטאָטישע קאַפּעליע האָט זיך צעקריגט. עס האַלט, אַז עס זאָלן ווערן צוויי באַזונדערע קאַפּעליעס. זכריה דער בדחן אַרבעט אויף אַלע כלים, שלעפּט די קלעזמער פון איין שענקל אין אַ צווייטן, ער וויל מאַכן שלום. ער טענהט און בעט זיך ביי זיי: „גאָטל, רעדט ער צום הויפּט־פידלער, קינדער, וואָס קענט איר זיך ניט צעטיילן? אַ קליין שטעטל, וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס טויג אייך זיך טיילן, רייסן דעם ביסן איינער פון צווייטן? אייך פעלט נאָך צום רומל אַריינשלעפּן די שוסטערשע משפּחה אויך אין קלעזמעריי".

„יונה בער דער שוסטער יונג, וואָס האָט דאָרטן ביי די סאָלדאַטן, איך ווייס, געקלאַפּט אַ פּאָר יאָר אויפן פּייקל, איז שוין אויך ביי אייך אַ קלעזמער. קינדער, פאַרשטערט מיר ניט מיינע אַלטע יאָרן, לאָזט מיר הנאה האָבן פון דעם ביסל בראָנפן. איך וועל אייך שוין קיין פּולע ניט דאָקוטשען. פאָלגט מיר, קינדער, זאָל זיין שלום".

עליע וואַרשעווער, דער שניידער, וואָס האָט אַ קראָם פון שניט־סחורה, און וואָס האָט אַ נאָמען פאַר אַ לץ זאָגט גלייכווערטלעך.

„איר ווייסט, זאָגט ער, יידן, עס איז מיר אַ וואונדער וואָרום מיר האָבן ניט קיין צוויי קאַפּעליעס שוין פון לאַנג. אַזאַ שטעטל, קיין עין הרע, וואָס קען אויסהאַלטן צוויי יקום פּורקנס הונדערטער יאָרן און צוויי רבנים צענדליקער יאָרן, זע איך ניט איין, וואָרום מיר זאָלן ניט קענען אויסהאַלטן קיין צוויי קאַפּעליעס".

„נאָר זאָגט דאָס, גיט עליע וואַרשעווער אַ וואונק מיטן אויגל,

עס וואָלט געווען פיל פרייַלעכער אין שטעטל, ווען חברה קדישא צעטיילט זיך אויך אויף צוויי. ערשטנס, וואָלט צוגעקומען גבאות, וואָלטן נאָך יידן געהאַט כיבודים; צווייטנס, וואָלט צוגעקומען נאָך אַ וועטשערע. איר פאַרשטייט צוויי חברה קדישאס — צוויי וועטשערעס".

דעם עולם קרעמער געפעלט דער איינפאַל. „אַ ביסל אַ טריפה־נער ביין", גיט אַ זאָג דער אַלטער דאַמעצקי בערע ראַשקעס, דער פעל־קרעמער. ער גלעט זיין לאַנגע, שווערע באָרד און שמייכלט.

וואָרום ק. האָט געקרוינט ישראל דעם שענקער מיט דעם געהויבענעם נאָמען קייסער, איז שווער צו זאָגן. עליע וואַרשעווער, דער גלייכווערטל־זאָגער, האַלט, אַז דער נאָמען איז אים געגעבן געוואָרן ניט צוליב זיין רויטער באָרד, וואָס קוקט אויס ווי דעם קייסערס, נאָר ווייל ער איז דער גרעסטער הוסטער אין שטעטל. אמת, ער איז טאַקע ניט קיין בן יחיד, כמעט ווי דאָס גאַנצע שטעטל הוסט: אברהם מלמד, נח דוד דער שוסטער, זאַוול דער שמיד, און די באַשלוקס — אַלע הוסטן גאַנץ שטאַרק. אָבער צו ישראל דעם שענקער קומט דאָס ניט. ישראלס הוסט האָט אין זיך אַן אַנדער קלאַנג, אַ יידישן טעם.

ווען ישראל איז אויפגעלייגט, וויצלט ער זיך איבער זיך אַליין „עס איז אַ גליק, זאָגט ער, וואָס די מלוכה האָט אַ טעלעגראַף. ווען מען צעהוסט זיך פלוצים גייענדיק אין גאַס, האָט מען אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן".

עליע וואַרשעווער זאָגט טאַקע, אַז צוליב די הוסטער האָט די מלוכה אַוועקגעשטעלט די טעלעגראַף סלופּעס — זאָלן יידן הוסטער האָבן אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן.

„וואָס דען, ווינקט עליע צו מיטן אויגל, צוליב טעלעגראַמעס? גייט שוין גייט, ווער דאַרף אין אונדזער שטעטל שיקן טעלע־גראַמעס? די גרויסע געשעפטן וואָס מיר טוען מיט דער וועלט".

דער עולם קרעמער שמייכלען: עליע וואַרשעווער קען אַרייַנ־זאָגן.

# ביי רבקהן אין קרעטשמע

ביי רבקה פרילוקערס אין קרעטשמע איז לעבעדיק, פריילעך. די גרויסע אַלטע סטאָדאָלע איז אויפגעראַמט און באַלויכטן מיט קאַלירטע פּאַנאַרן די גרויסע טויערן זיינען ברייט צעעפנט. אַ יונגע מיידל מיט רויט־געפאַרבטע באַקן, מיט שוואַרצע אומרואיקע ברענענדיקע אויגן, זיצט ביים אָפענעם טויער און פאַרקויפט ביי־לעטן. זי רופט אויס און שרייט הויך אויפן קול אין רוסיש:

„גאָספּאָדאַ, קויפט בילעטן! פופצן קאָפּיקעס אַ בילעט. עס וועט זיין וואָס צו זען. וואונדער איבער וואונדער: אַ בלינדער וועט גיין אין דער הויך אויף אַ דראָט; אַ גרויסער שוואַרצער בער וועט טרינקען לחיים אַ גלעזל משקה און וועט פאַרבייסן מיט אַ טעלער האָניק; אַן אַלטע באָבע וועט טאַנצן אַ קאַמאַרישקע; יונגע מיידלעך, האַלב הוילע, וועלן ווייזן אַלערליי קונצן. עס וועט זיין וואָס צו זען. וואונדער איבער וואונדער! קומט מענטשן, קויפט בילעטן, פופצן קאָפּיקעס אַ בילעט".

אייניקע גויים קוקן אויף דער מיידל פון ווייטן און שמייכ־לען, פאַנגען אַן צוגיין פאַמעלעך מיט ניט קיין זיכערע טריט צום אָפענעם טויער, נעמען אַרויס זייערע לייוונטענע בייטלעך, זוכן דאָרטן אויף די עטלעכע קופּערנע גראָשנס.

„מ'דאַרף זיך מיט איר אַ דינג טאָן — גיט אַ זאָג איינער פון די גויים גאַנץ הויך אויפן קול צום צווייטן — זי וועט נעמען וויניקער אויך".

די מיידל שמייכלט צו, רעדט, אָבער לאָזט ניט אַראָפּדינגען. „ניין, מיינע הערן, דאָ מיט מיר דינגט מען זיך ניט. איר

זייט ניט אין קיין יידישער קראָם, וואו מ׳בעט צוויי מאָל אַזוי פיל און מ׳דאַרף האָבן שכל זיך דינגען מיט זיי, אָבער ניט מיט מיר״.

„העי, גאָספּאָדאַ, קויפּט, קויפּט, פופצן קאָפּיקעס אַ בילעט וואונדער איבער וואונדער, וועט איר זען, פופצן קאָפּיקעס אַ בי־לעט!

אַ רעדל יידן, גייענדיק פון בית מדרש אַהיים, בלייבן שטיין אַ ווײַלע אויפן מאַרק, קוקן פון וויטן פאַרזאָרגטע אויף רבקה פרילוקערס סטאַדאָלע און שאָקלען די קעפּ און בערד.

„נאָך דאָס האָט אונדז געפעלט — רופט זיך אָפּ דער אַל־טער „דאָמעצקי״ — קונצנמאַכער אין מיטן דערינען, מער גייט אונדז טאָקע ניט אָפּ ווי צו זען קונצנמאַכער. רבקה האָט דאָס ניט געטאָרט טאָן. ווי פאַרדינגט מען דאָס די קרעטשמע צו קונצנ־מאַכער? ווער ווייס וואָס פאַר אַ פויגלען דאָס זיינען? ווער ווייס וואָס זיי וועלן נאָך דאָ אָפּטאָן? ווער ווייס ווען מ׳וועט פון זיי פּטור ווערן?״

„זיי וועלן אויסליידיקן די שטאָט — האָט איינער פון די יידן אַ זאָג געטאָן אָפּגעהאַקט — זיי וועלן אויסנאַרן דעם לעצטן גראָשן ביי די פויערים״.

„געוואָרט אַ האַלב יאָר אויפן יאַריד — האָט עליע כאַלאָנעס איבערגעשלאָגן יענעם אין מיטן די רייד — געהאָפט אויף פּרנסה, אויף אַ פאַרדינסט, אויף לייזעכץ. פּלוצים נאָדיר גאָר קונצנמאַכער געקומען אויף אַלעם פאַרטיקן, ליידיקן אויס די שטאָט. אַז פאַר־ברענט זאָל דאָס ווערן — האָט עליע מיט כעס געענדיקט — קיין צרה לאָזט אונדזער שטעטל ניט אויס, נאָדיר גאָר אין מיטן דערינען קונצנמאַכער!

# אברהם לאַטוטניק

אברהמל לאַטוטניק שטייט אײַנגעבויגן ביי זיין שניידערשן טיש, קלאַפּט מיטן הייסן אייזן, פּרעסט, אייַלט זיך צו מאַכן פאַרטיק די קופּע אַלטע קליידער אויף מאָרגעדיקן יאַריד.

„נו, וואָס זאָגסטו אויף אונדזער מוזינקע, גיט ער פּלוצים אַ הייב דעם קאָפּ, פון אייזן און מיטן כעס אַ זאָג צו זיין ווייב. נחת, האַ, שרה טירצע, דערלעבט אַ נחת, זי פירט אַ לובקע, אַ שלעכטער שידוך טאַקע מיט משה יאָשעס דעם גאַרבערס זון, אַ מיאוסער בחור לייזער יונה. דוכט זיך מ׳דאַרף ניט בעסער, אַ הויכער, אַ געזונטער, אַ גרויסער פאַרדינער. עס געפעלט ניט אונדזער פּריצטע זיין מלאכה. „מיט אַ גאַרבער, זאָגט זי, וועל איך חתונה האָבן, פּע, נבלה הערט זיך דאָך שטענדיק פון אים״.

„אַ גרויסע פּריצטע אונדזער מיזינקע, קען ניט פאַרטראָגן אַזעלכע ריחות. נו, זאָל זי חתונה האָבן מיט אַן אַפּטייקער, מיטן פּראָ־וויזאָר, וועט זי שמעקן שיינע ריחות. זיך אָפּגעזוכט אַ לובקע, זיך זניוכעט מיט בערעלע קוליערס זונדל, מיט פּייווע קאַטערינש־טשיק, זיך פאַרכלאָבעט אין זיינע גלאַנציקע שטיוועלעך, אין זיינע קונצנמאַכערישע טריפהנע אויגן. שרה־טירצע, וואָס טוט מען? מיר וועלן זיך דאָך ניט האָבן וואו אַהינצוטאָן. אברהם שניידער, דורות און דורות באַלמעלאָכעס, אָרנטלעכע מענטשן, יעדן גראָשן מיט שווייס, מיט בלוט כשר פאַרדינט. זאָל זיין טאַכטער, די מיזינקע, אים אַזוי פאַרשוואַרצן די אויגן, זיך פאַרכלאָבען אין בע־רעלע קוליערס בנאָק, אַ קאַטערינשטשיק, אַ קונצנמאַכער. וואָס פאַר אַ פּנים וועלן מיר איצט האָבן ביי אונדזערע אַלטע מחותנים,

וואָס וועט זאָגן ר׳ בער דוואָשעס פון אוזדע און ר׳ מאיר האַר־בוזיער און ר׳ אשר קאַלמען און לייבע פייגע בריינעס. גוטע בייס לאָזט זיך הערן. בערעלע קוליערס בנים האָבן אַ נאָמען. פאַר מיילן און מיילן קומט מען צו זיי זוכן גנבות. און דו, שרה־טירצע, אַ מאַמע שווייגסט, ביי דיר איז אַלץ רעכט, ביי דיר איז דאָס גאָר ניט״.

„נו, וואָס קען איך העלפן, האָט שרה טירצע מיט איר הייזעריקן קול געענטפערט און פונאַנדערשפּרייטנדיק אירע הענט אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט מיט די אויסגעשפּרייטע הענט צונויפנעמען די אַלע רייד, וואָס מ׳רעדט איצט אין שטעטל וועגן דעם רבס טאָכטער, וואָס איז אַנטלאָפן מיט אַ באַלעבעסל, מיט יצחק אהרן, דעם שוחטס איידעם, און קיינער ווייס ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. „נו, אברהם, וואָס זאָגסטו אויף דעם, ביים רב איז שענער, אַנטלויפן מיט אַ באַלעבעסל איז בעסער?״

„דו נאַרישע אידענע, האָט איר אברהמל איבערגעשלאָגן אין מיטן די רייד, דו ווייסט וואָס דו רעדסט ? וואָס גלייכסטו זיך צום רב. אויפן רב רעדט קיינער ניט. יעדער איינער האָט אויף אים רחמנות, אַלעריידן : אַזאַ כשרער ייד זאָל נעבעך האָבן אַזאַ פינצטערן עלטער : אַ בלינדע רביצין פאַר אַ ווייב און אַזוי פיל צער פון אַ טאָכטער. ערליידט נעבעך פאַר אונדזערע זינד. דו פאַרשטייסט דאָס ניט, גאָט שטראָפט אים, ווייל מיר זיינען זינדיק. אָבער אויף אונדז וועט מען זען נקמה. מ׳וועט לאַכן אין די הויפנס: אברהמלס גערעטענע, שיינע טאָכטער, די מיזינקע, האָט זיך פאַרכלאָבעט אין אַ קונצנמאַכער, אין בערלע קוליערס בנאָק״.

„שרה טירצע, האָט אברהמל לאַטוטניק נאָך אַ ווײַלע שווייגן אַ געשריי געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דעם הייסן אייזן אויפן אַלטן פלאַשטש, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. דו וועסט זען, שרה טירצע, זי, דיין טעכטערל, וועט ביי מיר ניט אויספירן. איך וועל איר בינדן און פירן צו דער חופה מיט משה יאָשע דעם גאַרבערס זון. אַ געבונדענע וועט זי ביי מיר גיין צו דער חופה, אַ געבונדענע, שרה טירצע.

## ביים בעל קאַראַבקע

אויך ביי דעם בעל קאַראַבקע, ביי פייווע קאַנטאַר אין הויז, פילט זיך דער ערב יאָריד. די גרויסע שטוב איז אָנגעפּילט מיט מענטשן: סוחרים, פּעל הענדלער, קצבים, די צוויי שטאָטישע שוחטים, ר׳ אליהו אהרן און ר׳ שלמה דוד אַרקעס, אויך שכנים, אָפּטע אַריינגייער, באַלעבאַטים, קרובים. אַלע זיצן אַרומגעזעצט אַרום דעם גרויסן, קיילעכדיקן טיש, די וואַטאָווע קאַפּאָטעס פונאַנדערגעשפּיליעט, די וואַרעמע היטלען אַרויפגערוקט הויך אויפן שטערן, פאַרשוויצט. מ׳רעדט, מ׳שמועסט וועגן אַמאָליקע יאָרן, וועגן אַמאָליקע יאַרידן.

געווען אַן אַנדער וועלט, גיט אַ זאָג איינער פון די קצבים, דער אַלטער נח חיים קצב. מ׳האָט ניט געדאַרפט ווי היינט אַרומלויפן אויפן מאַרק פון איין וואָגן צום צווייטן, זיך דינגען אַ גאַנצן טאָג מיט אַן אָרעמען פויער צו קויפן אַ קעלבל. געהאַנדלט גרויס, גיט ער אַ זאָג אַ הויב טוענדיק זיך פון אָרט, געהאַנדלט מיט פּריצים, מיט שררות, מיט דעם אַלטן גראַף געהאַנדלט.

און נח חיים קצב הויבט אָן ווידער און אָבער צו דערציילן זיין אַלטע מעשה, וואָס ער האָט שוין דערציילט צענדליקער מאָל. ווי אַזוי ער האָט אַמאָל מיט יאָרן און יאָרן צוריק, ווען זיין ערשטע ווייב האָט נאָך געלעבט, געקויפט ערב פּסח ביים אַלטן גראַף צוואַנציק אָקסן. ער האָט דאָס געקויפט אויפן וואָרט, מיט אַ שטיקל זוהר, וואָס ער האָט אים געזאָגט אויף פּויליש, אַלס האַנט־געלט. ווי ער האָט אין עטלעכע טעג

אַרום פאַרקויפט די צוואַנציק אָקסן און פאַרדינט אין דעם אַ פאַרמעגן. און עס ציט זיך און עס פלעכט זיך ביי אים די מעשה אין אַ מעשה.

נאָך דער אַלטער אליהו אהרן שוחט, וואָס איז געזעסן און געקוקט אין „המליץ", האָט פלוצים אַ שמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן, איבערגעשלאָגן נח חיים קצבס רייד, אַ זאָג טוענדיק מיט געצויגענע ווערטער: „האַ, זאָל דאָס טאַקע זיין אַן אמת. אז ער אַליין, דער קייסער, זאָל אונדז שיקן אַ דאַנק אין „המליץ" „איך, ניקאָלאַי, דער צווייטער, באַדאַנק אייך יידן פאַר די מתנות, וואָס איר האָט מיר געשיקט צו מיין קרוינונג". קען דאָס טאַקע געמאָלט זיין, האָט אליהו אהרן, שווייגנדיק אַ ווײַלע, אַריינגערוקט די האַנט אין זיין לאַנגער ברייט צעוואָקסענער באָרד, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט פון דער באַהעלטעניש פון זיין געדיכטער באָרד קריגן אַן ענטפער. איז דאָס טאַקע מעגלעך, אַז ער אַליין באַדאַנקט אונדז, אָט ווי עס שטייט דאָ געשריבן: געשריבן אין לשון־קודש. האַ, וואָס זאָגט איר יידן?"

ר' וואָלף אויבערשטיין, וואָס האָט אַ נאָמען אין שטעטל פאַר אַ ייד אַ חכם און אויך אַלס פּאָליטיקער, האָט אַריינגענומען אין האַנט זיין קליינע, קורצע, בלאָנדע בערדל, געשוויגן אַ ווײַלע, אַ וויג געטאָן די קאָפּ אַ פּאָר מאָל אַרויף און אַראָפּ און אַ זאָג געטאָן: „עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער זאָל קענען לשון־קודש, וואָרום ניט? אָט זאָגט מען אויפן שטאָטישן גלח, אַז ער קען לשון קודש. נו, וואָרום זאָל „ער" ניט קענען. עס האָט געפעלט זיין טאָטן אויף שכר־לימוד?"

יוסף שינטשוק, אַ יונגערמאַן אַ משכיל, וואָס אייניקע אין שטעטל רופן אים שוין מיטן פאַמיליען־נאָמען, פאַניע שינטשוק, האָט ניט צוגעשטימט צו וואָלף אויבערשטיינס רייד. ער האָט דער־קלערט דעם ענין אַזוי: די מעשה מיטן דאַנק פון קייסער אין לשון קודש, וואָס איז געווען געדרוקט אין „המליץ", מוז זיין אַזוי: ער, דער קייסער, האָט מסתמא געשריבן דעם דאַנק צו אַלע

פעלקער צו די רוסישע גאַזעטן אין רוסיש און דער „המליץ" האָט דעם דאַנק איבערגעדרוקט. נאַטירלעך איז דער דאַנק פון קייסער מגולגל געוואָרן אין „המליץ" אויף לשון קודש.

ישראל ניסל אַ יונגערמאַן אַ קצב, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון אַמעריקע האָט צוגעשטימט צו יוסף שינטשוקס רייד, זאָגנדיק אַז אין אַמעריקע פירט זיך טאַקע אויך אַזוי. דאָרטן אין אַמעריקע דרוקן די יידישע גאַזעטן איבער אַלע נייס פון די ענגלישע בלעטער און שטילערהייט אַ זאָג געטאָן: „וואָס דען „ער" דער צורר וועט לאָזן לערנען זיין זון לשון קודש, גלויבט איר דאָס? דאָס לשון וואָלט דאָך געוואָרן וואָכעדיק, אויס קודש, ווען „ער" וואָלט דעם לשון געלאָזט לערנען זיין זון".

אַלע זיינען מיטאַמאָל געבליבן זיצן אומעטיקע, פאַרדאגהטע. דער טויזנט־יאָריקער גלות, דער גאַנצער יידישער צער האָט אָנגע־פילט אַלעמענס אויגן מיט אומעט, מיט שרעק. דער אַלטער שוחט ר' שלמה אַרקעס האָט נערוועז גענומען ציען זיין לולקע, געקרעכצט און געוויגט דעם קאָפּ און באָרד הין און צוריק ווי דער אומרו פון אַ זייגער, הין און צוריק, הין און צוריק.

שפּעטער האָט דבורה, דעם בעל קאָראָבקעס ווייב, דער־לאַנגט טיי. טרינקענדיק די טיי איז דער עולם געוואָרן פריילע־כער, אויפגעלייגט. אַ פּאָר יונגע בחורים קצבישע זין, וואָס זיינען געקומען נעמען צעטעלעך ביים בעל קאָראָבקע אויף צו שחטן עטלעכע קעלבלעך, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון ר' פּייווע קאַנטאָר, דעם בעל קאָראָבקע, צו טרינקען אַ גלעזל טיי. די חברה יונגע קצבישע זין האָבן זיך איבעריק ניט געלאָזט בעטן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש מיט קצבישער ברייטקייט, זיך איבערגעוואונקען איינער מיטן צווייטן, געוואָרפן גרויסע שטיקער צוקער אין די גלעזער טיי, געמישט שטילערהייט די טיי מיט לעפעלעך, געטרונקען, געשוויצט און געשמייכלט.

ישראל ניסל דער קצב, וואָס איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק

געקומען פון אַמעריקע און אויף וועמען דאָס שטעטל רעדט, אַז ער האָט געבראַכט אַן אייגנס, טויזנטער, האָט איצט טרינקענדיק די טיי, גענומען ווידער דערציילן פון אַמעריקאַנעם לעבן. ער האָט גערעדט פון די וואונדער, וואָס מ׳זעט זיך דאָרטן אָן: הייזער בויען זיי הויך אין הימל אַריין, אין זייער אַ הויז קען אַריינגיין אונדזער גאַנצע שטעטל און עס וועט נאָך בלייבן אָרט אויף אַ בית המדרש און להבדיל אַ מרחץ; בריקן מיילן לאַנג הענגען ביי זיי אין דער לופטן, האַלטנדיק זיך ממש אויף גאָרניט, כמעט ווי די לבנה אין הימל; באַנען לויפן נאָכאַנאַנד הין און צוריק, אַ טומל, אַ שטענדיקער יאַריד.

„פון אָנפאַנג, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָט ישראל ניסל מיט ברייטקייט אַ זאָג געטאָן, האָב איך זיך ביי אַ וואָך צייט אַרומגעדרייט, געזוכט, געטאַפּט אַרום קצבות. ס׳האָט זיך אָבער גאָרניט געמאַכט, זיך ניט געקענט צושלאָגן דערצו. אַ גריי־נער טויג ניט. מ׳דאַרף קענען אַביסל די שפּראַך. דעריבער האָב איך זיך גענומען צו אַ מלאכה אָט ווי אַלע יידן, צו שניידעריי. דאָס הייסט, איך האָב זיך אויסגעלערנט אַ טייל פון שניידעריי — פּרעסן אַ בגד. אָט אַזוי האָב איך מיטן פּרעס־אייזן אָפּגעאַרבעט עפּעס מער ווי אַ יאָר עבודת פרך, פאַרדינט אַ פּאָר דאָלער, אַ שפּיי געטאָן אויף שניידעריי, זיך גענומען צו מסחר, געקויפט אַ פערד און וואָגן, געהאַנדלט, דאַנקען גאָט!

„האַ, וואָס זאָגט איר, פּאַניע קאַנטאר, — האָט זיך ישראל ניסל מיט אַ שמייכל זיך פּלוצים געווענדט צום בעל קאַראָבקע, — איר זייט דאָך עפּעס אויך אַן אַמעריקאַנער״.

משה הינדע דאָבעס האָט מיך טאַקע געבעטן אייך גריסן פון זיינטוועגן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט מיט אים צוזאַמען געאַרבעט דריי יאָר ביי משה יונה דעם האָן. איר האָט צוזאַמען געפּרעסט זיידענע מאַנטלען. ער האַלט, אַז איר זייט געווען זייער אַ גוטער בעל מלאכה.

פּייווע קאַנטערס בלאַסער פּנים, מיט דער שוואַרצער קורץ גע־

שאָרענער בערדל, האָט זיך געגומען רויטלען. זינט ער איז געוואָרן דער בעל קאַראָבקע פון שטעטל, שעמט ער זיך מיט אַמעריקע. עפּעס דוכט זיך אים, אַז אַמעריקע, וואוהין פילע פון די שטעטלדיקע שניידער און שוסטער האָבן גענומען פאָרן, פּאַסט זיך ניט אַריין אין זיין איצטיקן שטאַנד. איינער פון די קצבים האָט אפשר ניט ווילנדיק אַרויסגעהאָלפן דעם בעל קאַראָבקע פון דער פאַרלעגנהייט, אַ פרעג טוענדיק פּלוצים ישראל ניסלען ווי האַלט עס מיט קצבות אין אַמעריקע.

ישראל ניסל האָט גענומען דערציילן אַ לאַנגע מעשה וועגן דעם, ווי אַזוי קצבות ווערט דאָרטן געפירט. צום סוף פון דעם שמו־עס, איז ביי אַלעמען געבליבן, אַז אין דעם קליינעם שטעטל איז קצבות מער סוחריש, ווי דאָרטן אין אַמעריקע. ביי אונדז קויפט אַ קצב אַליין אַ בהמה. ער פאָרט אַרויס אויפן דאָרף, דינגט זיך אויס מיטן גוי, טרייבט אַליין די בהמה אין שטאָט, שעכט זי און פאַרקויפט די פעל צו איין סוחר, דעם זאַדיק צו נאָך אַ סוחר און אַזוי האַנדלט ער מיט סוחרים. אָבער דאָרטן, אין אַמעריקע, שפּילט אַ קצב קיין ראָלע ניט, גאָרניט מיט גאָרניט. ער קויפט אַ שטיק פלייש, צעשניידט עס אין חלקים און פאַרקויפט דאָס צו ווייבער.

שפּעטער האָט מען צוריק גענומען ריידן פון אַמאָליקע יאָרן, פון אַמאָליקע יאַרידן. דער אַלטער לייב כאַצקל, דער רייכסטער פון די קצבים האָט אַ קרעכץ געטאָן און אַ זאָג געטאָן: „עס איז ניט דאָס קינדער, עס איז ניט אַמאָליקע יאָרן, אַמאָליקע יאַרידן זענען טאַקע געווען יאַרידן. הונדערטער און שווערע טויזנטער פלעגן דורכ־גיין פון איין האַנט אין דער צווייטער. קרעמער, שענקאַרעס פלעגן זשויבן געלט. פריצים פון מיילן און מיילן ווייט פלעגן קומען, קויפן און פאַרקויפן, געבן צו לייזן הונדערטער און הונדערטער. אָט דער יונגער באַראָן פון וואָראָנעץ, וואָס האָט זיך דעם זומער דערשאָסן, איך האָב דאָך זיין גאַנצע משפחה געקענט. געהאַנדלט, געטאָן מיט זיי מסחר פאַר יאָרן און יאָרן. איך האָב נאָך געהאַנדלט מיט זיין טאַטן,

אויך מיט זיין זיידן. וואוילע פריצים געווען, מ׳פלעגט פון זיי פאַר־דינען אַ קערבל.

עס האָט זיך פאַרבונדן אַ נייער שמועס. די יידן זיצנדיק ביי די הייסע גלעזער טיי און גלעטנדיק זייערע לאַנגע בערד, האָבן גענומען ריידן וועגן דעם, פאַרוואָס דער יונגר באַראָן האָט זיך דרשאָסן.

איינער פון די יונגעלייט האָט שטילערהייט אַ זאָג געטאָן: „אפשר איז ער געווען פאַרמישט מיט יענער חברה...״

„עס קען ניט זיין, האָט פייווע קאַנטאָר דער בעל קאַראָבקע אַ זאָג געטאָן, גלאַט ריידן אין דער וועלט אַריין. אַזאַ נאַר זאָל ער זיין, דאָס לייגט זיך דאָך געוויס ניט אויפן שכל. אַ מענטש איז אַזוי רייך, האָט דאָך אַזוי פיל הויפן, מיילן און מיילן לאַנד באַ־לאַנגט צו אים, אַ מאַגנאַט! אַזוי פיל כבוד, אַ קלייניקייט אַ באַ־ראָן! וועט ער גיין אַנטקעגן „אים״, זיך נעמען חברן מיט יענע חברה... אָט מיט יענע באָסיאַקעס...״

„האַ, וואָס זאָגט איר, פאַניע שינטשיק, האָט זיך פייווע קאַנ־טאָר געווענדט צו אים, ווי קומט עס אויס ביי אייך? איך ווייס, ווערדליק מ׳רעדט, מענטשן וואָס זענען געווען נאָענט אַרום אים, ריידן, אַז ער, דער באַראָן, האָט זיך דערשאָסן צוליב אַ געליבטער. אונדזער אוריאַדניק, וואָס איז דאַן געפאָרן מיטן שטאָטישן רעגי־רונגס־ דאָקטאר אויפצושטעלן אַ ראַפּאָרט, האָט מיר דאַן, קומענ־דיק צוריק פון הויף, געזאָגט, אַז אַלע זיינע דינער און דינסטן האָבן גערעדט גאַנץ אָפן, אַז דער יונגער באַראָן האָט זיך דערשאָסן צוליב אַ געליבטער און אַ סברא נאָך, האָט מען געזאָגט, אַז די גע־ליבטע זיינע איז געווען אַ יידישקע״.

משוגע! האָבן אַלע יידן אַ זאָג געטאָן מיט איין אָטעם, משוגע! אַ מענטש איז אַזוי רייך, אַזוי פיל כבוד, אַ געלעכטער אויסצוריידן, אַ באַראָן זאָל זיך נעמען און שיסן און צוליב וואָס, צוליב אַ מיידל? וואָס, עשיוקע האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אויסן בלייבן, וועט ניט קריגן קיין ווייב?

„עס גלויבט זיך טאַקע ניט, האָט איינער פון די יידן אַ זאָג געטאָן, אַז דער באַראָן זאָל זיין אַזאַ שוטה“.

נאָר ישראל ניסל, דער אַמעריקאַנער, ווי דאָס שטעטל האָט אים שוין גענומען רופן, האָט געהאַלטן, אַז עס איז צו גלויבן. „ניט שייך צו זאָגן אין אַזעלכע זאַכן משוגע. אין אַמעריק לייענט מען זייער אָפט אין די גאַזעטן, אַז דער און דער רייכר מאַן האָט זיך געשאָסן צוליב אַ געליבטער. איך אַליין האָב ניט איינמאָל געזען אין די צייטונגען, ווי זין פון מאַגנאַטן, מיליאָנשטשיקעס, האָבן זיך געשאָסן צוליב אַן אָרעמער מיידל, צוליב אַ געליבטער“.

אליהו אהרן דער שוחט, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט און געשוויגן, האָט פּלוצים אַ שמייכל געטאָן און מיט ביטל אַ קוק געטאָן אויף ישראל ניסלען. אַ זאָג טוענדיק גאַנץ הויך אויפן קול: „דו ווייסט, ישראל ניסל, קענטיק, אַז עס איז פאַראַן משוגעים אין אַמעריקע אויך“. אייניקע יידן האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, געשוויגן און געשמייכלט.

# דער קלאַפּער

אברהם איציק דער שוסטער, וואָס וואוינט ביי יונה בערס אַלמנה אין אַ הינטערשטער קליין שטיבל, איז אַריינגעקומען צו אליהו מאיר דעם בעקער אין שטוב. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ פּאָר מאָל מיט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט און זיך אַוועקגעזעצט. אַזאַ טבע האָט ער, איידער ער פאַנגט אָן צו ריידן, קלאַפּט ער מיט די אויגן.

צווישן חברה שוסטער האָט מען אים טאַקע דערפאַר גערופן אברהם איציק קלאַפּער. מיט יאָרן צוריק האָט אברהם איציק פאַר זיי, פאַר די שוסטער, געמאַכט אַ וועטשערע, כדי זיי זאָלן אים מער ניט רופן קלאַפּער. און אַ וועטשערע האָט ער געמאַכט פאַר זיי גאָר אַגעהויבענע. ס'איז געווען, ווי אברהם איציק פלעגט זיך באַרימען, פיל שענער פון די וועטשערעס פון דער שטעטלדיקער חברה קדישא. אויף דער וועטשערע זיינען געווען גענדז, געבראָטענע פלייש, קוגלען, קישקע און מען האָט אויך אויסגעטרונקען דריי טעפּ זעכציקער בראַנפן. די הויפּט שוסטערשע משפחה האָט אים פאַרזיכערט, צוגעזאָגט, געשוואָרן, אַז פון מאָרגן אָן איז אויס קלאַפּער.

„דו הערסט, אברהם איציק, האָט איין אַלטער שוסטער נאָכאַנאַנד געערדט און זיך געקלאַפּט אין האַרצן, ווי איך בין אַ ייד, פון היינט אָן און ווייטער, הערסט אברהם איציק, ביסטו אויס קלאַפּער".

די גענדז האָט מען אויפגעגעסן, די בראַנפן אויסגעטרונקען און דער נאָמען קלאַפּער איז פאַרבליבן. ניט איינמאָל איז אברהם

איציק געקומען מיט טענות צו דעם אַלטן זרח בערל. „סטייטש, ר׳ זרח בער, איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט געשוואָרן אויף אייער יידישקייט״.

„אמת טאַקע, פלעגט דער אַלטער זרח בערל צושאָקלען מיטן קאָפּ. איך האָב דיר טאַקע צוגעזאָגט און איך האַלט וואָרט. איך קען דאָך אָבער די גאַנצע שטאָט ניט איינזאָגן ווי זיי זאָלן דיך רופן. די שוסטער אָבער האַלטן וואָרט, זיי רופן דיך ניט קלאַפּער״.

„ר׳ זרח בערל, זיי, די שוסטער רופן מיך נאָך אַלץ קלאַפּער״.

„גיי שוין, גיי שוין, אברהם איציק, דאָס דוכט זיך דיר, דיר קלינגט דער נאָמען קלאַפּער אין די אויערן פון אַמאָל. די שוסטער זענען וואָרט־מענטשן — איינמאָל דיר געזאָגט, אַז דו ביסט אויס קלאַפּער, הערסט, אברהם איציק, ביסטו אויס קלאַפּער״.

„אַ גן עדן ביי אייך אין שטוב, האָט אברהם איציק, איינ־זעצנדיק זיך אויף דער ברייטער באַנק, אַ זאָג געטאָן, ווארעם, אַ מחיה. איך ווייס ניט, מיין שטיבל קען מען ניט דערוואַרעמען, זייער קאַלט וועלף צו פאַרטרייבן״.

„אַז מ׳הייצט דעם אויוון, איז וואַרעם, האָט די אַלטע חיה לאה, צונעמענדיק די געשיר פון טיש, אַ זאָג געטאָן״.

„איך ווייס ניט, מיין שטיבל קען מען ניט דערוואַרעמען, זייער קאַלט, וועלף צו פאַרטרייבן״.

„הייצט, קאַרגט ניט קיין האָלץ, וועט זיין וואַרעם״.

„וואָס האָלץ, ווער קאַרגט! עס איז שוין דער דריטער וואָגן האָלץ. אַזאַ יאָר אים דאַרטן אין קבר, דעם פּראָצענטניק און זיין ראָכען אויף דער וועלט. מ׳שינדט דאָך פון מיר די הויט. פאַר אַזאַ אַלטער חורבה רייסן זיי אַזוי פיל דירה־געלט.

דער אַלטער אליהו מאיר האָט אַ מאָדנעם קוק געטאָן אויף אים און אַ הויב געטאָן אַ פינגער אין דער הויך.

אברהם איציק האָט זיך פאַרשעמט, רויט געוואָרן, אַ קלאַפּ געטאָן אַ פאָר מאָל מיט די אויגן.

„ר׳ אליהו מאיר, האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן גענומען

ריידן: „דאָס האַרץ איז פאַרביטערט. וואָס ווייסט איר, ער איז געווען אַ ייד אַ רוצח. ער פלעגט דאָך פון מיר שינדן די הויט — אַ קאָפּיקע פון יעדן קערבל פּראָצענט און אויך נאָך זיין טויט פאַר־געסט ער מיך ניט. איך צאָל דאָך בלוטיקע געלט פאַר דער אַלטער חורבה. איך קען זיך דאָך ניט אויסצאָלן, רק זי וויל מערער און מערער דירה־געלט".

„אוי, ר' אליהו מאיר, ווי שווער עס קומט אָן דאָס שטיקל ברויט פון קאַפּול און האַמער. בלוטיקע געלט! וואָלט מען צעשניטן מיינעם אַ גולדן, וואָלט גערונען בלוט, אמתע בלוט".

דער אַלטער אליהו מאיר האָט געשוויגן, געקוקט מיט רחמנות אויף אברהם איציקן, אויף זיין דאַרן פאַרמעט־געלן פּנים און ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן: „אויף אַ טויטן דאַרף מען ניט ריידן קיין שלעכטס".

דער אַלטער מאָטיע עליע חיימס איז אַריינגעקומען צו אליהו מאיר דעם בעקער אין שטוב און אָן אַ קרעכץ זיך אַוועקגעזעצט. זיין פּנים האָט געשיינט. עפּעס אַ מאָדנע פרייד איז געווען אויסגע־שפּרייט אויף זיין אַלטן צקנייטשטן פּנים.

„איר ווייסט, ר' אליהו מאיר, — האָט זיך כמעט ביי אים אויסגעשריגן, — מיין איצע האָט געבראַכט פריילעכע נייעס. וואָס ווייסט איר, די גרויסע שטאָט גייט אויף רעדלעך. אין מאַגאַזינען וואו מיין איצע קויפט איין סחורה פאַר אונדזערע קרעמער, האָט ער דאָרטן געהערט, אַז מ'האָט געפונען אַ ספר. דער ספר איז קענטיק געווען באַהאַלטן יאָרן, פאַרשטעקט אין די אַלמערס מיט ספרים. דער ספר איז ניט קיין געדרוקטער, געשריבן אויף פּאַר־מעט, זייער אַן אַלטער כתב, מ'קען דאָס קוים איבערלייענען. שווער צו זאָגן, ווער עס האָט דעם ספר געשריבן. מ'רעכנט, אַז ס'איז גאָר, גאָר פון די אַמאָליקע, גאָר פון יענע גרויסע האָבן דאָס אונדז איבערגעלאָזן".

„אין דעם ספר, האָט מען מיין איצען געזאָגט, ווערט גערעדט וועגן מלחמות, וועגן גוג ומגוג, וועגן גלות, וועגן יעקב און עשיו,

וועגן חבלי משיח. דאָרטן איז אויך געשריבן וועגן גאולה זייער פאַרשטעלט — אויפן וואונק. עפּעס אַ פּסוק פון דניאל און גע־פינטלט און ווידער אַ פּסוק און ווייטער געפינטלט, אַזוי ווי אויפן וישקהו״.

„מיין איצע האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אפילו געדענקט די פּסוקים. ער האָט זיי עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט איבערגעזאָגט צו זיך אַליין. נאָר צופאָרנדיק צום שטוב האָט ער זיי פּלוצים פאַר־געסן, אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ״.

„שווער, טאַטע, צו געדענקען אַזאַ שווערע עברי אַ לאַנ־גע צייט״.

אַלע אין אליהו מאיר דעם בעקערס שטוב זענען געבליבן זיצן פאַרגאַפטע מיט אָפענע מיילער. עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיט די אָפענע מיילער אַריינציען אין זיך טיפער, טיפער די גרויסע פרייד, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון מאָטיע עליע חיימס אויגן. רחל, אַ יונג ווייבל, איז מיט שנעלע טריט אַרויסגעקומען פון איר קאַמער.

„וואָס, האָט זי אַ פרעג געטאָן, טאַקע אַן אמת, משיח קומט ?״

קיינער האָט איר ניט געענטפערט. אַלע האָבן געשוויגן. נאָר די אַלטע חיה לאה האָט איבערגעשלאָגן די שטילקייט און האָט זיך פון פרייד צעוויינט, זיך צעכליפּעט הויך אויפן קול.

# ער קומט זיך געזעגענען

גדליה דער פעל־קרעמער איז אַריינגעקומען צו אליהו מאיר דעם בעקער אין שטוב זיך זעגענען. — שבת גלייך נאָך הבדלה פאָרט ער אַוועק אין אַמעריקע צו זיינע קינדער.

„דו ווייסט, אליהו מאיר, האָט גדליה נאָך אַ לאַנגן זיצן און שווייגן אַ זאָג געטאָן, עס איז ניט גוט, גאָר ניט גוט. איך ווייס, נעמען אויף דער עלטער זיך אַוועקלאָזן איבערן ים, איבערלאָזן אַ שטאָט, וואו מ'איז געבאָרן געוואָרן, אויפגעוואַקסן און אַלט גע־וואָרן, וואו טאַטע און מאַמע, זיידע און באָבע ליגן אין זייער רו. איך אַליין האָב דאָך אויך גערעכנט, אַז דאָ, לעבן זיי, וועל איך רוען. איך ווייס ניט, עס דאַכט זיך מיר, אַז ס'איז דאָ עפּעס אין דעם, האַ, וואָס זאָגסטו, אליהו מאיר, איך דענק, אַז דאָ ביי אונדז אין שטעטל איז ניט אַזוי שווער שטאַרבן. דער בית עולם איז ניט פרעמד. עס קומט די צייט, שרעקט דיך ניט, דו גייסט צו משפחה — צו אַ טאַטן, צו אַ מאַמען, צו אַ זיידן, צו אַ באָבען...".

„ניט גוט, האָט דער אַלטער גדליה נאָך אַ ווײַלע שווייגן גע־נומען צופּן נערוועז זיין געדיכטע, לאַנגע באָרד, ניט גוט! איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אליהו מאיר, איך וועל ניט לייקענען, איך האָב זיך געפילט ווי אַ נאַרישער יינגל, ווען איך בין געקומען אויפן בית עולם צו מיין רבקהס קבר זיך זעגענען. איך ווייס ניט, אפשר האָב איך דאָס טאָקע געהערט, צי אפשר האָט זיך מיר גע־דאַכט". „גדליה, האָט זיך מיר געדאַכט ווי זי רעדט צו מיר, גדליה, וואָרום לאָזסטו מיך איבער דאָ אַליין. איך וואָלט דיך אַליין דאָ ניט איבערגעלאָזן".

„הערסט, אליהו מאיר, — האָט דער אַלטער גדליה גלעטנדיק זיין געדיכטע באָרד נאָך אַ ווײַלע שווייגן ווידער געגומען ריידן — עס איז שוין מער ווי אַ יאָר, ווי איך שלאָג זיך מיט דער דעה: יאָ פאָרן, ניט פאָרן. נאָר אַ סוף, אָפּגעמאַכט, איך פאָר".

„איך ווייס ניט צוליב וואָס זיי דאַרפן מיך אין אַמעריקע. האָ, וואָס זאָגסטו, אליהו מאיר? אפשר טראַכטן מיינע קינדער ווי איך, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט זיי זיין היימישער ליגן לעבן אַ טאַטן".

דער אַלטער אליהו מאיר האָט געענפערט דעם מויל, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן. ער האָט אַ שווערן קרעכץ געטאָן און געשוויגן. בלויז די קנייטשן האָבן זיך טיפער איינגעשניטן אין זיין גרויסן שטערן.

# דער פרילינג איז געקומען

פרילינג האָט גענומען שפרייטן זיך איבערן שטעטל. פון אַלע זייטן זיינען געקומען וואַרעמע ווינטעלעך. דער שניי, וואָס איז גע־לעגן אַ גאַנץ ווינטער אויסגעשפּרייט איבער די קרומע גאַסן, האָט גענומען צעגיין, פאַרשווינדן. קליינע ריטשקעס האָבן זיך געפורעמט, זיך געדרייט און געשלענגלט, געלאָפן איילנדיק באַרג אַראָפּ צום טאָל. וואו דער גרויסער טייך האַלינקע האָט געשטורעמט, גע־קרעכצט, געריסן זיך פון איר אייזיקן פאַנצער. גרויסע שווימענדיקע שטיקער אייז האָבן זיך געוויגט און געטונקט, פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ ווײַלע ביי די סלופּעס פון בריק, און פּלוצלונג זיך איבער־געקוליעט, צעפּאַלן געוואָרן אויף שטיקער און אַנטלאָפן העט ווייט ווייט, אין דער גרויסער, פרעמדער וועלט.

די שטעטלדיקע בלאָטע האָט זיך גענומען צו ביסלעך טריקענען. די וואַרעמע, זוניקע שטראַלן און די קילע ביינאַכטיקע ווינטעלעך האָבן ארויסגעצויגן דעם זאַפט, דעם חיות פון די בלאָטעס. און ס׳זיינען געבליבן פאַרטריקנטע רודעס, פונקט ווי אַ פעלד איבער וועלכן מען איז איבערגעגאַנגען מיט אַן אַקער און איבערגעלאָזן אויף סוף זומער צו פאַרזייען.

איבער דעם גרויסן מאַרק לויפט אַרום דער ווינט. ער הויבט דעם שטויב, טראָגט אים אַרום פון איין אָרט אין דעם צווייטן, כאַפּט זיך אַריין אין אַ קראָם, גיט אַ הויב אויף די קליידל פון אַ דרעמלדיקער קרעמערקע און אַנטלויפט מיט גוואַלדן, מיט געשרייען ערגעץ אין דער ווייט.

עטלעכע גויאישע פורן שטייען צעוואָרפן אויפן מאַרק. די מאָ־

גערע פערדלעך שטייען פאַרטראַכט, קייען אָן אַפּעטיט די סעטשקע פון די טאָרבעס, וואָס הענגען אויף זייערע קעפּ. זיי שאָקלען מיט די ווײדלען הין און צוריק, פון געוויינהייט אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט וועמען פאַרטרייבן פון זיך, כאָטש קיין פליגן זיינען נאָך ניטאָ.

יונגעלייטלעך, ערשט פון קעסט אַרונטער, דרייען זיך ארום איבער דעם גרויסן, לערן מאַרק. זיי גייען צו, באַטראַכטן די עטלעכע פורן, וואָס שטייען ביי די שענקערשע הייזער, קוקן זיך איין גוט אין די וועגענער, רוקן אַריין די הענט אין די שטרוי פון וואָגן, טאַפּן, אפשר האָבן דאָ די גויים עפּעס וואָס צו פאַרקויפן. זיי נעמען אַרויס אַ שטרוי, שפּילן זיך אַ ווײלע מיט דעם לערן אויסגעדראָשענעם זאַנג, טראָגן צו די שטרוי צום מויל און בלייבן שטיין אָנגעשפּאַרט אויף די וועגענער פאַרקלערטע, קוקנדיק אין דער ווייטער וועלט אַריין.

עטלעכע יידן, מיט די שווערע טלית־ און תפילין־זעק אונטער די אָרעמס, גייען איצט פון בית מדרש. זיי גייען פּאַמעלעך, ביט געאיילט. זיי האָבן אָפּגעדאַוונט, אָפּגעלערנט נאָך אַ פּרק משניות, גייט מען אַהיים מיט רואיקע קעפּ. זיי קוקן מיט ביטול אויף די עטלעכע גויים, וואָס גייען באָרוועסע, פאַרזאָרגטע, נאָך די וועגעלעך מיט מיסט, וואָס זיי פירן שוין אויף זייערע פעלדער.

— עשיו — גיט אַ זאָג דער אַלטער דוד יונה צו משה האַשקעס — אַ גוי, אויף פאַרזאָרגט. עשיו אַריינגעטאָן אין דער אַכילה. —

ביי די טירן פון די קראָמען זיצן יידן אומעטיקע, פאַרדאגהטע, מ׳רעדט וועגן דעם, אַז דער זומער איז געקומען צו פרי. וואָס ער איז געקומען מיטאַמאָל, אַזוי שנעל, גאָר אומגעריכטערהייט, פּלוצים.

— ווער ווייס — גיט אַ זאָג דער אַלטער שמואל יונה — צי מיר וועלן גאָר האָבן אַ יאַריד. די גויים האָבן זיך שוין גענומען צום אַקער —

אַ פּריצישער וואָגן איז פּלוצים דורכגעפאָרן. אַלעמענס אויגן

האָבן זיך איינגעגעסן אין דעם געשפּאַן, מיט זשעדנע בליקן נאָכ־
געקוקט ווי דער פריצישער וואָגן ווערט פאַרשוואונדן.

די אַלטע דאָבע איז געקומען און האָט איבערגעשלאָגן דעם
געשפּרעך. — געבראַכט דיר וואַרעמס, משה! — האָט זי אַ זאָג
געטאָן — גיי וואַש זיך. עס איז שוין וואַסער־צייט.

דער אַלטער משה האַשקעס האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן
פון בענקל, געבליבן שטיין אַ ווײַלע. ער האָט אַ גלעט געטאָן די
באָרד, גענומען די בלעכענע קענדל און אַוועק צום מאַרק־ברונעם אָנ־
שעפּן וואַסער. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער זיך געוואַשן,
אָפּגעווישט די הענט מיט דער פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע, געקוקט
פון וויטן אויף דעם פּריצישן וואָגן, וואָס איז געבליבן שטיין ביים
אַפּטייק, ער האָט אַ שמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן, און שטילער־
הייט גענומען זאָגן שאו ידיכם.

טיפער און בלויער האָט דער הימל גענומען ווערן איבערן
שטעטל. דינע, ווייכע, דורכזיכטיקע טעג אַריינגעוועבט, איינגע־
פלאָכטן אין דער יונגער פרילינג זון, קומען איינע נאָך די אַנדערע,
שמייכלען, זאָגן אָן, אַז דער ווינטער איז שוין אַוועק. דער ריח פון
אויפגעאַקערטן פעלד און פון פריש געבאַקטע מצות טראָגן זיך אין
דער לופט, קריכט אין אַלע הייזער, זאָגט אָן די פריילעכע בשורה:
פרילינג דער גרויסער יום טוב קומט אָן.

ביי דעם אַלטן ישראל בערלען אין הויז איז איצט אַ טומל,
אַ יאַריד. עס ווערט ביי אים אין שטוב געבאַקט מצה פאַר דעם גאַנצן
שטעטל. יונגע ווייבלעך און מיידלעך שטייען ביי די קלאָר גע־
הובליעוועטע ברעטער, אויסגעשטעלט אין רייען ווי סאָלדאַטן מיט
הויך אַרויפגעשאַרטע אַרבל. זיי וואַלגערן אויס מצות. מ׳רעדט און
מ׳לאַכט הויך אויפן קול.

דער אַלטער ישראל בערל, אַ דינער, טרוקענער ייד, אָנגע־
טאָן אין אַ לאַנגן לעטניק אינגאַנצן ווייס, פאַרשטויבט פון יאַרמעלקע
ביז די שיך, לויפט אַרום אַ צעטראָגענער הין און צוריק איבערן
שטוב. ער שאַרט אַרום די יאַרמעלקע אויף זיין שפּיץ־קאָפּ, פון איין

אויער צום צווייטן, האַקט מיט דער האַנט אין דער לופטן און שרייט:

— גוואַלד, ווייבער, זאָל זיין אַ ווײַלע שטיל! — מ׳קען דאָך משוגע ווערן.

נאָר אַ פּלוצלונגדיקער געשריי, א—איי, מ׳איז אומגליקלעך— האָט אַלעמען אין איין רגע שטיל געמאַכט. די מצה וואַלגערקעס זיינען געבליבן שטיין דערשראָקענע; די הויך פאַרקאַשערטע הוילע הענט אויסגעצויגן, פאַרגליווערט אויף די קאַטשעלקעס. דער זעצער, אַ ייד מיט אַ געלער, לאַנגער באָרד, אַנגעטאָן אין טלית קטן, האָט זיך מיט דער לאָפּעטע אין האַנט אַ לאָז געטאָן צום טיר מיט אַ געשריי:

— האָ, ווייבער, וואָס האָט דאָ געטראָפן? —

חנה פייגע, די יונגע, דאָרפישע ווייבל, שרה רבקה דער בעקערקעס שנור, איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

— איך ווייס ניט — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווייגן גענומען שטאַמלען, ריידן צום זעצער — איך ווייס ניט וואָרום ער איז אַנטלאָפן מיט אַזאַ גוואַלד. איך האָב געזען ווי עס שיט זיך מעל אויף דער ערד. זאָג איך, ר׳ ישראל בערל, זעט, פון וואַנען שיט זיך דאָס די מעל, זאָל זיין אַ מויז האָט דורכגעגעסן אַ לאָך אין זאַק?

— חמץ! — האָט דער זעצער אַ געשריי געטאָן — אַלץ איז דאָ חמץ! — און די ציצות פון טלית קטן מיט דער לאַנגער באָרד האָבן געציטערט: — חמץ, מ׳איז אומגליקלעך!

ווען ישראל בערל איז געקומען פון רב, האָט אים דער זעצער איבערגענומען ביי דער אָפענער טיר מיט אַ נו?

— נאָך גוט אָפּגעשפּילט, מיט חסד — האָט ישראל בערל, אַ הויב טוענדיק די האַנט אין דער לופטן, אַ זאָג געטאָן. — גיי, חנה פייגע, זאָג דיין שוויגער, אַז זי זאָל ברענגען אַן אַנדער זאַק מיט מעל. מ׳טאָר די מעל ניט נוצן פאַר מצות. אַ סוף!

וואָרעמער און פריילעכער ווערט פון טאָג צו טאָג. אָט, אָט און

דער גרויסער יום טוב קומט שוין אָן. אַלע אין שטעטל זיינען פאַר־האַוועט, פאַרנומען. מ׳וואַשט, מ׳שייערט טיש און בענק.

פון די שניידערשע, שוסטערשע הייזער טראָגן זיך געזאַנגען, פּסחדיקע ניגונים. ביי די גרויסע, לאַנגע שניידערשע טישן זיצן יונגע בחורים מיט די פיס אונטער זיך. מ׳נייט, מ׳ענדיקט די מלאכה, מ׳רעדט וועגן די פּסחדיקע סדרים, וועגן די מאכלים.

שייע, וועמען חברה באַלמעלאָכעס רופן שייע די שעפּס, אַ בחור פון אַ יאָר ניינצן דערציילט און באַרימט זיך, אַז פאַראַיאָרן פּסח צום ערשטן סדר, האָט ער אַריינגעקנאַקט צען קניידלעך, און וואָס פאַר אַ קניידלעך.

— איר האָט געדאַרפט זען, חברה, קניידלעך, ווי איך בין אַ ייד, אַז יעדער קניידל איז געווען די גרויס ווי אַ גרויסער קנויל פאָדים. —

ישראל איציק, אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ בערדל, אַ באַלעבעסל, וואָס חברה רופן אים „כשרע לאַפּע״, האָט אַ מאָדנעם קוק געטאָן אויף שייען דעם שעפּס און אַ זאָג געטאָן:

— אַ גרויסקייט דערציילט ער. אַ קונץ איז עסן.

ביי ראובן שאול דעם שוסטער טוט זיך איצט מעשים אין הויז. זי, שרה טירצע די שוסטערקע, ווי די שטעטלדיקע ווייבער רופן איר, שטייט אָנגעטאָן אין איר גרויסער געקעסטלטער פאַטשיילע ביים נידעריקן שוסטערשן וואַרשטאַט, האַלט אירע הענט אויסגעשפּרייט. זי רעדט און טענהט צו איר מאַן, צו ראובן שואלן:

— גזלן איינער, וואָס קען איך אויפטאָן מיט אַזוי ווינציק געלט. אדרבא, זע, צייל איבער וויפיל איך האָב. און מ׳דאַרף האָבן אַזוי פיל אויף יום טוב — ציבעלעס, קאַרטאָפל, פאַסטערנאַק אויף צימעס. עס איז אַזאַ לאַנגער יום טוב, נאָך מיט אַ שבת צו פאַרבייסן. עס איז דאָך שוין דער לעצטער מאַרק. אָט איז דאָך שוין פּסח, ראובן שואל! זע, גיב כאָטש נאָך עפּעס. וואַרף צו נאָך אַ פּאָר גילדן. איך דאַרף האָבן מיט וואָס צו פאַרנאַנדערנעמען די הענט. זע, איך זאָל ניט פאַרשעמט ווערן.

— און דו בחור — ווענדט זי זיך צו זייער אַרבעטער, צו זרח יאָשען, וואָס איז ניט לאַנג צוריקגעקומען פון סאָלדאַטן — נישקשה, מעגסט נאָך עפּעס אָפּשטעקן, מעגסט נאָך עפּעס צו־וואַרפן אויף יום טוב. קניידלעך וועסטו עסן וועלן עסן גאַנץ היבש.

ראובן שאולס אויסגעבויגענער, שוסטערשער האַלדז ווערט פלו־צים צונטער רויט. מיט זיין אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ הויבט ער זיך לאַנגזאַם אויף פון דעם נידעריקן שוסטערשן בענקל. ער זוכט און טאַפּט מיט די צעדרייטע, שוסטערשע פינגער אין קעשענע, נעמט עפּעס ארויס און זעצט זיך לאַנגזאַם אַוועק צוריק. ער דער־לאַנגט איר אַ פּאָר מטבעות מיטן האַנט איבער זיין אַקסל און בורטשעט אַרויס מיט כעס:

— עס איז זיך גאָרניט אָנצונעמען מיט געלט פּאַר איר.

ביי זכריה דעם בדחן אין הויז איז איצט לעבעדיק, פריילעך. זיינע פיר זין די כלי זמרים זיינען געקומען אַהיים אויף יום טוב. יעדן אָנהייב ווינטער פאָרן זיי אַוועק אין ראַסיי און אויף פסח קומען זיי צוריק אַהיים. יעדן ווינטער איידער זיי פאָרן אַוועק אין טיף רוסלאַנד, פאַרזאָגט זיי זכריה הויך אויפן קול, אַזוי אַז אַלע שכנים פון שול־הויף, וואו ער וואוינט, זאָלן הערן:

— קינדער — זאָגט ער צו זיי — איר פאָרט דאָך אַוועק ווייט, צווישן גוים, ניט פאַרגעסט, אַז איר זענט יידן.

זכריהס הויז איז איצט אויפגעראַמט, יום־טובדיק. די ווענט אויסגעקאַלכט, דער דיל אויסגעבעט מיט שטרוי, די אויסגעפּוצטע שויבן גלאַנצן אַנטקעגן דער זון, די צוויי פענצטער, וואָס קוקן אַרויס אויף דעם שניידערשן בית מדרש, זיינען באַהאַנגען מיט האַלב־ווייסע פאַרהענגלעך, באַפּוצט מיט גרינע געהעפטע קרויזלעך.

גאָלדע זכריהס ווייב, די מוטער פון די פיר זין, וואָס די לצים אין שטעטל וויצלען זיך, אַז ביי איר און ביי גרונען, שייע דעם שוסטערס ווייב, זיינען געבענטשטע בייכער. ביי גרונען — דריי זין רבנים און ביי גאָלדען — פיר זין כלי זמרים.

זי, גאָלדע, גייט אַרום איבערן הויז הין און צוריק ווי אין אַ

חלום, קוקט נאָכאַנאַנד אויף אירע פיר זין, רעדט שטילערהייט צו זיך אַליין:

— קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַטן — קעניגלעכע פּנימער, פּריצישע קינדער, איינער שענער פון דעם צווייטן.

זי גייט צו צום מוזיניק, בלייבט שטיין, נעמט אים פּלוצים אַרום, קושט אים און ווישט זיך די אויגן פון פרייד.

זכריהס הויז איז איצט אָנגעפּילט מיט מענטשן. ס׳קומען באַ־קאַנטע, קרובים, משפחה, מ׳גיט שלום. אַ גרויסע פלאַש בראָנפן שטייט גרייט אויפן טיש. זכריה גיסט אָן גלעזלעך, מ׳זאָגט „לחיים”, מ׳ווינטשעוועט זיך. יידן נעמען צו ביסלעך. מ׳רעדט, מ׳פרעגט וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער גרויסער וועלט, וואָס רעדט מען דאָרט אין טיף ראַסיי. וואָס זאָגט עפּעס פּאַניע — וועט טאַקע אויסברעכן אַ מלחמה מיטן טערק? גיט אַ פרעג מאָטיע בער דער שמש, וואָס האָט אַ נאָמען אין שטאָט פאַר אַ גרויסן פּאָליטיקער.

— דאָ ביי אונדז גייט שוין אַרום אַ סלוך אַ גאַנץ ווינטער, אַז אָט, אָט...

ישראל יונה, זכריהס עלטסטער זון, צו וועמען די פראַגע איז געווען געשטעלט, שמייכלט פון הנאה, וואָס אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט צו אים, וואָס אַלע וואַרטן אויף זיין ענטפער.

— איך ווייס — גיט ער אַ זאָג דרייענדיק מיט זיינע קלעזמערישע לאַנגע פינגער די שוואַרצע וואָנצעלעך, וואָס ציט זיך ווי אַ שנור אויף זיין פולער פון קלאָרנעט אָנגעבלאָזענע ליפּ. — ווערליק מ׳האָט גערעדט אין קלוב, קוקט אויס, אַז ס׳וועט יאָ זיין אַ מלחמה, אָבער ניט מיטן טערק. מ׳רעדט, אַז ס׳וועט זיין גאָר מיטן דייטש.

— מיטן דייטש — האָט מאָטע בער שמש פאַרוואונדערט אי־בערגעזאָגט — מיטן דייטש אַ מלחמה? האַ, וואָס קענען מיר זיך מיט אים ניט צעטיילן? —

— איך ווייס — האָט ישראל יונה אַ הויב געטאָן די אַקסלען.

אַזוי ווי ער אַליין וואָלט זיך אויך אַ ביסל געוואונדערט אויף אַזאַ סאָרט מלחמה — איך ווייס, פּאָניע גנב, אָט אַזוי רעדט ער.

אויף מאָרגן איז זכריה בדחן מיט זיינע זין און מיט די עט־לעכע כלי זמרים, וואָס זיינען אַ גאַנץ ווינטער געווען אין שטעטל, אַוועק צו ישראל דעם קייסער, גאָלדעס אַ נאָנטער קרוב, אין שענקל. מ'האָט זיך אַוועקגעזעצט, גערעדט ווי מ'זאָל זיך טיילן מיט דער פּרנסה. וואָס פאַר אַ חלק ס'קומט דעם און יענעם, וועמען מער און וועמען ווייניקער. מ'האָט זיך געווערטלט, זיך געקריגט. צום סוף איז מען ווי עס איז דורכגעקומען.

אויפן טיש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע פלאַש בראָנפן מיט פאַרבייסן. מ'האָט גענומען צו ביסלעך. חברה זיינען געוואָרן פריילעך, אויפגעלייגט. מ'האָט געזאָגט כלי זמרישע וויצן. זכריה האָט גענומען גלעטן אַ האַנט אָן אַ האַנט, ווי זיין שטייגער איז ווען ער נעמט אַ ביסל בראָנפן. ער האָט אַ רוף געטאָן דעם באַלעבאָס פון שענקל.

— ר' ישראל — האָט זכריה ווי אויסגעזזונגען — קומט אַהער, זעצט זיך, נעמט אויך אַ ביסל בראָנפן, נישקשה. רוקט זיך צונויף, קינדער, מאַכט אָרט פאַר נאָך אַ יידן.

ישראל דער קיסר, אַ הויכער דאַרער ייד מיט אַ לאַנגער, רוי־טער באָרד, מיט קלוגע שמייכלענדיקע אויגן, איז צוגעגאַנגען צום טיש, אַ רוק געטאָן די יאַרמעלקע פון איין האַלבן קאָפּ אויפן צווייטן, אַ גלעט געטאָן זיין רויטע באָרד און זיך אַוועקגעזעצט לעבן זכריהן.

— נו, קינדער, דאַנקען גאָט — האָט זכריה אַ זאָג געטאָן — ניטאָ וואָס צו זינדיקן. אַ שיין ביסל כלות האָבן מיר אין שטאָט. עס וועט זיין פּרנסה. מ'דאַרף נאָר ספירה איבערקומען, הלוואי נאָר דו אָרטשע און מיין בענצינקע זאָלן אויסגעלייזט ווערן האַיאָר פון גוישע הענט. איך האָף אַזוי. מיר האָבן דאָך עפּעס אַ גאָט אין הימל.

— האַ, וואָס זאָגט איר, ר' ישראל, מיר האָבן דאַנקען גאָט

אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. אונדזער גאָט האָט מען נאָך ניט דער־הרגעט.

ישראל דער קיסר האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט אַ הויב געטאָן זײַן דאַרע האַנט, אָפּגעווישט די ברעקלעך קיכל וואָס איז געבליבן צוגעקלעפּט צו זײַן געדיכטער, לאַנגער באָרד נאָכן פאַר־בײַסן און אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול:

— צי מיר האָבן זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן, אוי, האָבן מיר, וואָלטן מיר נאָר אַזוי, ר׳ זכריה, ווערט געוועזן.

הירשל דער פּלייטיסט, וואָס האָט אַ נאָמען פאַר אַ טרייפענעם ביין און אויף וועמען דאָס גאַנצע שטעטל רעדט, אַז זײַענדיק אַ סאָלדאַט, האָט ער זיך שיר ניט געשמדט, האָט איבערגעשלאָגן ישראל דעם קיסר אין מיטן די רייד און אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול:

— ווייס איך וואָס! גאָט ווי גאָט — זאָגט בעסער דאָס, ר׳ ישראל, אַז מ׳וועט אונטערשמירן מיט אַ פּאָר הונדערטער ווע־מען מען דאַרף, וועט טאַקע גאָט העלפן, איך מיין...

דער אַלטער זכריה האָט אים מער ניט געלאָזט רעדן. ער האָט אים אָפּגעהאַקט אין מיטן.

— נו, גענוג — האָט זכריה בייז אַ זאָג געטאָן — גענוג! זיי ניט קיין אַפּיקורס, הירשל. אין גאָט דאַרף מען גלויבן. שפּיל זיך ניט מיט פייער.

איינער פון די קלעזמאָרים האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן אויפן קלעזמאָרישן לשון. חברה האָבן זיך צעלאַכט. נאָר דער אַלטער זכריה האָט צעשראָקן געקוקט אויף הירשלען, אויף ישראל דעם קיסר און מיט כעס זיך אויפגעשטעלט און געפּאַטשט מיט דער האַנט אין דער לופטן.

פרייטיק אין דער פרי האָט זיך די גאַנצע קאַפּעליע אַרויס־געלאָזן איבערן שטעטל שפּילן „דאָברי־דזשענס" צו אַלע מחתנים פון דוד הירשל דעם שניידערס טאָכטערס חתונה. זכריה דער בדחן איז געגאַנגען פאָראויס כמין מאַרשאַל, נאָך אים די כלי־זמרים —

די צווייַ מעשענע טרובעס אין די קלעזמערשע הענט האָבן זיך געשפּיגלט אין דער קאַלטער, פרימאָרגנדיקער זון. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיט קנאה זיי נאָכגעקוקט. איבערהויפּט האָט מען מקנא געווען זכריהס זין. אַלע פיר זין אַזוי שיין אָנגעטאָן — ברייטע סאָלדאַטסקע פּלאַשטשן, מיט באַשליקעס פאַרוואָרפן אויף הינטן, באַראַשקענע היטלען און אין גלאַנציקע קאַלאַשן. מיידלשע אויגן האָבן פון באַהאַלטענע ערטער, פון צווישן די ווייסע פאַר־האַנגען, וואָס מ׳האָט אויפגעהאַנגען אויף די אויסגעפּוצטע יום־טובדיקע פענצטער, געשוואומען, געטונקען זיך אין די כלי־זמרים.

די גאַנצע קאַפּעליע פון אַכט מאַן איז אַריין צו משה יונה דעם שניידער, דער כלהס עלטסטער ברודער, אין שטוב. זכריה האָט אַ גלעט געטאָן אַ האַנט אָן אַ האַנט און האָט אויסגעזונגען: קינדער, אַ שיינער „דאָברי־דזשען" זאָל אויפגעשפּילט ווערן פאַר דער כלהס עלטסטן ברודער הנגיד ר׳ משה יונה ברב דוד צבי. חברה האָבן אַ שפּיל געטאָן אַ מאַרש, ערשט טאַקע געבראַכט פון טיף רוסלאַנד. די גאַנצע גאַס איז פול געוואָרן מיט ווייבער און קינדער. אויך אייניקע מאַנסבילן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן פון די הייזער. ישראל שואל דער שוסטער איז אַרויסגעקומען אין זיין לייוונטענעם פּעכיקן פאַרטוך. ער האָט אויסגעשפּייט אין הויפּן די אייזערנע, שוסטערשע טשוועקעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל, אָפּגע־ווישט מיט זיין צווייטער האַנט די שפּייעכץ פון זיין שוואַרצער באָרד. ער איז צוגעגאַנגען צו דוד משה דעם טשעסלער, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן טויער פון זיין הויף.

— האַ, האָט ישראל שואל אַ זאָג געטאָן — וואָס זאָגט איר, ר׳ דוד משה, חברה קענען שפּילן, מוזיקאַנטן! ניטאָ וואָס צו ריידן, זכריה בדחן האָט נחת. ער האָט אויסגעפירט בעסער מיט זיינע קינדער ווי די רייכע באַלעבאַטים.

דוד משה דער טשעסלער, וואָס ביי אים אין קאָפּ דרייט זיך שוין לאַנג אַ געדאַנק צו מאַכן זיינע צוויי זין פאַר כלי־זמר, האָט צוגעשטימט צו ישראל שואלס רייד.

— איך מיין — האָט ער אַ זאָג געטאָן — מ'דאַרף צו אַלץ האָבן מזל. און אפשר, ר' ישראל שואל — האָט דוד משה נאָך אַ ווײַלע שווײַגן מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן — מ'דאַרף האָבן שכל, וואָס צו טאָן מיט די קינדער.

שבוע בײַנאַכט, ווי מ'האָט אָפּגעמאַכט הבדלה, האָבן זיך צו דוד הירשל דעם שנײַדערס הויז גענומען ציען די יונגוואַרג פון דעם גאַנצן שטעטל. די נאַכט איז פאַר יונגוואַרג. דאָס איז די זמירות נאַכט. זײַנען געקומען בחורים און מיידלעך, די באַל־מעלאָכעדיקע קינדער פון דעם גאַנצן שטעטל, זיך דורכטאַנצן.

אין דער גרויסער, טומלדיקער, שנײַדערשער שטוב ברענען איצט די צוויי נײַע בליך לאָמפּן, וואָס כאָלע דער באַלעגאָלע האָט געבראַכט מיט אַ וואָך צוריק פון דער גרויסער שטאָט. די נײַע בליך לאָמפּן שײַנען ווי זונען. זיי האָבן זיך ניט וואו אַהינ־צוטאָן מיט זייער ליכטיקייט. ס'איז פאַר זיי קענטיק צו ענג די ווענט. כאַפּן זיי זיך אַרויס אין דרויסן און באַלײַכטן, מאַכן ליכ־טיק אַ האַלבע גאַס.

אַ רעדל עלטערע יידן, גייענדיק פון בית מדרש פון מעריב, בלײַבן אַ ווײַלע שטיין בײַ דוד הירשל דעם שנײַדערס שטוב. זיי קוקן מיט נײַגעריקייט אויף דער שאַרפער ליכטיקייט, וואָס די נײַע לאָמפּן גיבן אַרויס.

— עס מוז אויפעסן אַ וועלט מיט קעראָסין — גיט אַ זאָג איינער פון די יידן — צו אַזאַ לאָמפּ דאַרף מען האָבן קורחס אוצרות. איך גלויב גאָרניט, אַז דאָס איז פאַר דוד הירשל דעם שנײַדערס קעשענע.

— נו, מסתמא קען ער — רופט זיך אָפּ איצע וועלוול דער טשעסלער — אַז ער וואָלט ניט קענען, וואָלט ער אַזעלכע לאָמפּן ניט געקויפט. כ'מיין, אָט לאָמיך דאָס קענען קויפן!

פון דער גרויסער, שנײַדערשער, ליכטיקער שטוב מיט די האַלב־אָפענע פענצטער, טראָגט זיך איצט אין דרויסן פרייד און גע־זאַנג. די גאַנצע שטאָטישע קאַפּעליע — אַכט מאַן אַלע כלי־זמרים

זיצן אַרום דעם גרויסן ניט געפּאַרבטן שניידערשן טיש. די מעשענע כּלים גלאַנצן אַנטקעגן די נייע בליץ־לאָמפּן. חברה כּלי זמר אַר־בעטן געשמאַק, מ׳שפּילט אַ פּריילעכס.

מיידלעך און בחורים טאַנצן. מ׳איז צעהיצט, מ׳הויבט זיך, מ׳דרייט זיך, מ׳נעמט זיך אַרום און מ׳גייט אַוועק פּלוצים איינער פון צווייטן ווי ברוגזע. מיידלעך גייען איבער פון איין בחור צום צווייטן, פון איין קאַוואַליער צום אַנדערן. מ׳ווינקט זיך איבער און מ׳לאַכט. פּנימער ברענען, אויגן פייערן.

חברה כּלי זמר נעמען ניט אַרונטער די אויגן פון די טענ־צער. שטעכן דורך די מיידלעך מיט זייער בליק. שלום דער קלאַר־נעטיסט האָט פּלוצים אַרויסגענומען דעם קלאַרנעט פון מויל. ער האָט זיך אַ בויג געטאָן און אַ זאָג געטאָן עפּעס אין דער הויך אויף זייער קלעזמערישן, פאַרשטעלטן לשון. די גאַנצע חברה שפּי־לער האָבן זיך איבערגעוואונקען און זיך צעשמייכלט.

היציקער און היציקער ווערן די טענץ, שטאַרקער און שטאַר־קער ווערט דאָס טופּען מיט די פיס. אָרע בערל דער שוואַרצער, אַ דאַמסקער שניידער, וואָס איז דעם יאָר אַרויס פון פּריזיוו מיט אַ רויטן בילעט און האָט אַ נאָמען אין שטעטל פאַר אַ גרויסן פּראַנט, האַלט פעסט אַרומגענומען דאָס מיידל מיט וועלכער ער טאַנצט. ער רעדט נאָכאַנאַנד צו איר עפּעס סודותדיק אין אויער.

זי, דאָס מיידל, דאָבקע יונה בערל דעם סטאָליערס טאָכטער, ענטפערט ניט. זי האַלט אירע אויגן אַרונטערגעלאָזן, קוקט ניט אויף אים און שאָקלט מיטן קאָפּ הין און צוריק אויף ניין. אָרע בערל פילט זיך באַליידיקט, וואָס זי, דאָבקע דעם סטאָליערס טאָכטער, שאָקלט דעם קאָפּ נאָכאַנאַנד אויף ניין. ער בלייבט אַ ווײַלע שטיין אין מיטן טאַנצן, נעמט אָן מיט זיינע לאַנגע שניי־דערשע הענט איר שפּיציקע מאָרדע, הויבט אויף איר קאָפּ און קוקט אויף איר צעהיצטן פּנים. דאָבקעס האַלב פאַרמאַכטע, גרויסע, שוואַרצע אויגן עפענען זיך לאַנגזאַם אויף. זי קוקט אים אָן מיט

אַ מאָדנעם שמייכל. פּלוצים נעמט זי אים אָן פאַר זיין לאַנגער נאָז און צעלאַכט זיך הילכיק מיט אַ קוויטש.

וואָס ווייטער ווערט די גרויסע שניידערשע הויז מער אָנ־געפּילט מיט באַזוכער. די טענץ ווערן רווישיקער. די בחורים קלעפּן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער צו די מיידלעך. עס דאַכט זיך, אַז אַלע טענצער האָבן זיך פּלוצים ווי דורך אַ כישוף צו־נויפגעגאָסן אין איין מאַסע, צונויפגעדרייט זיך אין איין קנויל, און דער קנויל דרייט זיך אָן אַן אָפּשטעל און אָן אַן ענדע.

מיקאָלע פּאַכאָם, אַ יונגער שגץ, אַ שוסטער, אַ שכן פון דוד הערשל דעם שניידער, איז אַריינגעקומען מיט זיין ליובאָוויצע, די גראָבע מאַרישקע, ווי די יידן פון גאַס פּלעגן איר רופן. מיקאָלע איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע ביים טיר, באַטראַכט די קלעזמער, געקוקט אויף די יידישע מיידלעך און בחורים ווי זיי טאַנצן, אַ זאָג גע־טאָן עפּעס אין דער שטיל מאַרישקען. און פּלוצים אָנ־נעמענדיק זיין געליבטע ביים טאַליע, האָט ער זיך מיט פעסטע טריט אַריינגעשאַרט צווישן די טענצער. ער האָט פאַנאַנדערגעשפּי־לעט זיין פּעלצל, אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, אַ טרייסל געטאָן די טשופּרינע, אַ טופּע געטאָן מיט די שווערע שטיוול אויף די ברעטער פון דיל און ער און זי זענען אַוועק אַ טאַנץ — אַ קאַמאַרינסקע. די ברעטער פון דיל האָבן געציטערט אונטער דעם טופּען פון זייערע פיס און העכער פון די קלעזמערשע טענער האָט זיך געטראָגן מי־קאָלעס געזאַנג אין גוייש: — אַך טי, קום, טי דוראַק — באַגלייט מיט מאַרישקעס קוויטשעדיקן קול: — ניע זנאַיעש דיעלאַ, אַך ביע טאַק —

די כלי זמרים האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, זיך אויפגעשטעלט. פייווע דער פידלער, דער עלטסטער פון דער קאַ־פּעליע, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן סמיטשיק איבער דעם דעק פון פידל און חברה כלי זמרים האָבן אַ שפּיל געטאָן אַ קאַמאַרינסקע. פעסטער, שנעלער און שנעלער האָט זיך מיקאָלע מיט זיין געליב־טער גענומען דרייען. זיי האָבן זיך געבויגן, זיך געקנייטשט, זיך

געוואָרפן איינער צום צווייטן און אַלץ העכער און העכער האָט זיך איבערן הויז געטראָגן זייער געזאַנג: — אַך טי, קום, טי דוראַק; ניע זנאַיעש דיעלאַ, אַך ניע טאַק —

טעג זענען געלאָפן, וואָכן זענען פאַרשוואונדן. דער אָנפאַנג זומער מיט זיין מילדער וואַרעמקייט איז געקומען און זיך באַזעצט אין שטעטל, באַגריסט און באַגרינט די גויאישע ביימער און גע־וואַרעמט זייערע פעלדער.

גויים נאָך אין זייערע וואַרעמע, ווינערדיקע היטלען, באָרוועסע, מיט ליולקעס אין די מיילער, גייען פאַרזאָרגטע נאָך די וועגע־נער מיט דישפעטיקע זריעה, וואָס זיי פירן צו פאַרזייען אויף זייערע פעלדער. די מאָגערע פערדלעך, די ניט דערגעסענע פון דעם לאַנגן ווינטער, שטרענגען אָן די לעצטע כחות, שלעפן קוים די וועגענער, וויגן זיך פון שוואַכקייט צווישן די האָלאָבליעס. זיי ציען זיך אויס, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט ווערן לענגער. עס דאַכט זיך, אַז ניט נאָר די גויים און די פערדלעך זענען אויסגעהונגערט, אויסגע־מאַטערט, נאָר אויך דער וואָגן, די רעדער — אַלץ איז מיד, אַלץ איז פאַרזאָרגט, אַלץ קרעכצט, אַלץ שלעפט זיך קוים.

אויך אַרום די יידישע הייזער, אין די יידישע הויפן, האָט זיך גענומען זומערן. יידן ראַמען זיך אַרום פון דעם שווערן ווינטער.

גויים פון די אַרומיקע דערפער קומען אין שטעטל קויפן ביי די יידן דעם מיסט פון זייערע הויפן.

כאַשקע כייצעס, אַ בייזע יידענע, אַן אַלמנה, וואָס האָט אַ שטיבל ניט ווייט פון גרויסן בית המדרש, דינגט זיך איצט וועגן איר שמעטניק, טענהט צו אַ גוי הויך אויפן קול. זי קען מיט אים ניט דורכקומען וועגן מקח. דער גוי האַלט, אַז מער ווי דריי וועגע־לעך מיסט האָט זי ניט, און זי, כאַשקע כייצעס, טענהט, שווערט זיך, ווינטשט זיך אין גויאיש, אַז אַזוי פיל קופער זאָל זי פאַרמאָגן, וויפיל ס׳איז דאָ מער ווי דריי וועגעלעך מיסט. — אין שטאַל אַליין, זאָגט זי, וועט זיין דריי וועגעלעך. היינט וואו איז דער גאַנצער

הויף. איך האָב דאָך קיין עין הרע דריי שכנים, ענדיקט זי אין גויאיש.

— אַ גוי, אַ חזיר — פֿאַנגט זי אָן צו ריידן אין יידיש, דער־זעענדיק דעם אַלטן אברהם לייבן, וואָס איז איצט פֿאַרבייגעגאַנגען איר הויז מיט דעם טלית און תפֿילין אונטערן אָרים פֿאַרקלערט פֿון בית המדרש.

— וואָס זאָגט איר, האַ, ר׳ אברהם לייב, איר זייט דאָך עפּעס אַ מבין אויף אַזעלכע זאַכן. דריי וועגעלעך מיסט זאָגט דער ערל איז ביי מיר אין הויף און אין שטאַל, מער ווי דריי וועגעלעך, זאָגט ער, וועט ניט זיין. אַזוי פֿיל מכות מיינע און נאָרעשטע אייערע און אַלע יידישע שונאים, וויפֿיל ס׳איז דאָ מער. וואָס זאָגט איר, ר׳ אברהם לייב, אַ גוי גנב, רק זיי ווילן אָפּנאַרן אַ יידן. ער מיינט, אַז איך בין אַ יידענע, וועט ער ביי מיר אויסנאַרן די מיסט פֿאַר גאָרניט. אַז ניט דערלעבן זאָלן עס מיינע שונאים. —

דער אַלטער אברהם לייב איז געבליבן שטיין מיטן טלית און תפֿילין זאַק אונטערן אָרים און אָנגענומען מיט דער צווייטער האַנט די באָרד, אַזוי ווי ער וואָלט מיט דער באָרד זיך געוואָלט מישב זיין. ער האָט גוט זיך איינגעקוקט אין איר הויף און אַרום גאַניק און אַ זאָג געטאָן, אַזוי ווי אין דער וועלט אַריין:

— איך מיין, קום דורך מיט אים, גלייכט זיך אויס —

— וואָס מיינט איר, ר׳ אברהם לייב, דורכקומען — האָט כאַשקע כייצעס אָן אויפגערעגטע אַ זאָג געטאָן — אָן עצה, וואָס הייסט דורכקומען? אַ מכה דעם חזיר אין די קישקעס. הערסט אָן עצה — אָפּגעבן אַזאַ שמעטניק פֿון אַ גאַנץ ווינטער פֿאַר אַכטגילדן. ניט דערלעבן וועט ער. —

דער אַלטער אברהם לייב האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ הויב געטאָן אָן אַקסל, איבערגענומען דעם טלית און תפֿילין זאַק אונטער דעם צווייטן אָרעם און פֿאַמעלעך מיט געמאָסטענע טריט זיך לאַנגזאַם אַוועקגעשאַרט.

זי, כאַשקע בייצעס, איז געבליבן שטיין אַ דערצאָרנטע און באַגלייט אים פון ווייטן מיט שטעכעדיקע בליקן.

— אַבעל צדקה אויף יענעם, — האָט זי גאַנץ הויך אַ זאָג געטאָן — אַן עצה פון אַן עלטערן יידן, אַ שכן. קום דורך, זאָגט ער. נישקשה, פאַר זיין שמעטניק האָט ער אָפּגענומען מער ווי אַכט גילדן, אָפּגענומען געווג געלט.

מיט שטאַרקע היצן איז דער זומער באַפאַלן דאָס שטעטל. די גרויסע בלאָטע פון שול־הויף, וואָס טראָגט דעם געהויבענעם נאָ־מען „די מצילה״, איז אויסגעטריקנט געוואָרן. קיין סימן פון וואַ־סער איז אין דער מצולה ניט פאַרבליבן.

יידן מיט פאַרשוויצטע פנימער און נאַסע בערד זיצן אומעטיקע ביי זייערע קראָמען. מ׳רעדט, מ׳שמועסט וועגן נייע גזירות, וואָס דער נייער גובערנאַטאָר וועט אינגיכן איינפירן; וועגן דעם שלעכטן אַקציזניק, וואָס לאָזט ניט די קרעמער צו רו. אַלע עטלעכע וואָכן פאָרט ער אַרונטער אומגעריכט פון דער גרויסער שטאָט מיט זיינע משרשים. זיי באַפאַלן ווי היישעריקן, לאָזן ניט לעבן יידן ריידן און קרעכצן.

— זאָל כאָטש ניט אויסברעכן קיין שריפה, — רופט זיך אָפּ איינער פון די יידן, — אין אַזעלכע היצן קען זיך אַ שטוב אָנצינדן פון זיך אַליין. —

איינער פון די קרעמער, דער אַלטער משה ליפּעס, וואָס וואוינט ביי אַ גוי, ביי קאצארסקען אויף דער ווילנער גאַס, האָט געגומען דערציילן, אַז דער ברונעם ביי זיי אין הויף איז כמעט ווי טרוקן. קוים וואָס מ׳ציט אַרויף אַ פערטל עמער וואַסער. און דאָס ביסל וואַסער איז ליימיק, מ׳קען דאָס אין מויל ניט נעמען. דער גלח האָט שוין פיל מאָל געפּראַוועט מאָליטוועס אין קלויסטער. האָט קאצאר־סקי מיר דערציילט, געבעטן אויף גשם. נאָר עס העלפט ניט. ער, דער גלח, האָט געזאָגט, דערציילט משה ליפּע שמייכלענדיק, אַז אויב עס וועט ניט רעגענען די טעג, וועט מען

מוזן אַרויסנעמען די הייליקע, די מאַמען מיטן זון פון קלויסטער און ברענגען זיי אויף די פעלדער. זאָלן זיי זען ווי אַלץ ווערט פאַרברענט.

יידן האָבן זיך איבערגעקוקט און גענומען שמייכלען. איינער פון די יידן, דער אַלטער נח אברהם, דער פעל־קרעמער, האָט אַ גלעט געטאָן די באָרד און אָפּגעהאַקט אַ זאָג געטאָן:

— מיר יידן האָבן באמת גערדאַרפט עפּעס טאָן. איך ווייס — זאָגן תהילים, גוזר תענית זיין, ניט שווייגן. —

אַלע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ אויף יאָ. קענטיק צוגע־שטימט, אַז ביי יידן אין די הענט ליגט דער ריכטיקער מיטל.

וואָכן זענען געפלויגן, חדשים האָבן זיך געביטן, סוף זומער האָט זיך דערנעענטערט. פריילעכע געזאַנגען פון די שניטערקעס, פאַרנדיק הין און צוריק פון די פעלדער, האָט זיך געטראָגן איבערן שטעטל.

וועגענער אָנגעלאָדענע מיט זאַנגען, האָבן זיך גענומען ציען פון די נאָענטע פעלדער, דורך דעם גרויסן לערן מאַרק, פאַרביי די אומעטיקע יידישע קראָמען, אין די גויאישע הויפן אין די שייערן אַריין. פרוכט־ביימער איינגעבויגענע פון אַלטקייט, אָנגעלאָדענע מיט פּירות, זענען געשטאַנען צעשפּרייטע אין די גויאישע הויפן. די סוף־זומערדיקע זון איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיי נאָכאַנאַנד. געוואַרעמט און געצייטיקט די פרוכט. אַזוי ווי די זון וואָלט זיך געאיילט אַלץ צייטיק צו מאַכן אויף די גרויסע יום טובים, וואָס קומען באַלד אָן. יידן זאָלן האָבן איבער וואָס צו מאַכן שהחינו.

אין די יידישע הייזער, אויפן מאַרק און אין די קראָמען פילט זיך שוין דאָס אָנקומען פון ימים נוראים. דער קול פון שופר טראָגט זיך אַלע פרימאָרגן איבער דעם אומעטיקן שטעטל, זאָגט אָן, אַז אָט־אָט, דער יום הדין איז ניט ווייט.

יידן האָבן זיך גענומען סטאַרען אויפשטיין גאַנץ פרי, פאַר־ברענגען נאָך מער צייט אין בית המדרש — ווער ביים תהילים,

ווער ביים עין יעקב און ווער ביים משניות. מ׳גייט אַהיים פאַר־קלערטע, אומעטיקע, מיט די שווערע טלית און תפילין זעק אונטער די אָרימס, מ׳גלעט די גרויסע צעוואַקסענע בערד און מ׳קרעכצט.

דער שטעטלדיקער הימל איז אויך געוואָרן אַן אומעטיקער, אַ פאַרקלערטער. דער קול פון שופר האָט קענטיק אים אויך אומעטיק געמאַכט. דער הימל האָט פלוצים פאַרלאָרן זיין בלויקייט, זיין טיפ־קייט, זיין גלאַנץ. עפּעס אַזוי ווי עמיצער וואָלט אים אָנגעטאָן אַ טונקעלן שלייער, אַ שוואַרצע יאַרמעלקע.

אַ ריזיקע אויג פון אַ פאַרוויינטער זון כאַפּט זיך אַרויס דורך די וואָלקנס, גיט אַ בליק אויף דעם יידישן מאַרק אויפן שטעטל און באַהאַלט זיך צוריק אונטער דעם שוואַרצן הימלשן שלייער.

יידן זיצן אומעטיקע, פאַרדאגהטע ביי די טירן פון זייערע קראָמען און קוקן אַריין אין ספרים. עס שאָקלען זיך קעפּ, עס וויגן זיך בערד, מ׳אויקעט, מקרעכצט און מ׳דרעמלט לאַנגזאַם איין.